אברהם זאַק

# אויף פרעמדער ערד

(לידער און פּאָעמעס)



הויפּט־פּאַרקויף
קולטור־קאָנגרעס

בוענאָס־איירעס 1962

# א י נ ה אַ ל ט :


פּרעלודיע — — — — — — — — 7

## רויכן פון מאַידאַנעק

רויכן פון מאַידאַנעק — — — — — 11
פון יענער ערד — — — — — — — 12
אויף יענער זייט ים — — — — — — 13
אָשמנו — — — — — — — — — — 14
אתה נגלית... — — — — — — 15
אין די חרובע שולן — — — — — 17
אלול־מאָטיוו — — — — — — — — 18
חלום אין וואַנדער — — — — — — 19
פאַרן כסא הכבוד — — — — — — 20
אין אַ פרעמדן וואַלד — — — — — 21
אין אַ כל־נדרי־נאַכט — — — — — — 22
פּתח לנו שער... — — — — — — 23
רעמיניסצענצן — — — — — — — 24
אין קיינעמס לאַנד — — — — — — 25
וואָס ווייטער — — — — — — — — 26

## געַנוג איז אַ חלום

געַנוג איז אַ חלום — — — — — 29
ס'איז גוט פאַרגעסן זיך — — — — 30
שווימען שיפן — — — — — — — 31
רעגן אויף ים — — — — — — — — 32
צום היימישן פרילינג — — — — — 33
אַזוי ווי אַמאָל — — — — — — — — 34
סדנא דארעא — — — — — — — — — 36
בלויקייטן — — — — — — — — 38
אין רעגן — — — — — — — — 39
האַרבסט־זכרונות — — — — — — 40
דער אַלטער אומרו — — — — — — 42
די זיקנה יאָגט... — — — — — — 43
זיי רואיק, האַרץ... — — — — — 44
צוויי פרילינג־שוועסטער — — — 45
פריי זיך — — — — — — — — 46
גרין און בלוי — — — — — — — 47
וואָס ליכטיקער — — — — — — — 48
ווערסט נאָך קומען — — — — — — 49
יאָר־איין, יאָר־אויס — — — — — — 50
ווי אַ גוטע מאַמע — — — — — — 51
ווען די בלויקייטן לייגן — — — — 52
דער לוח — — — — — — — — — 53
רייד זיך איין — — — — — — — — 54
אין קאַראַהאָד — — — — — — — — 55

דער זומער שטאַרבט בנשיקה — — 56
כ׳וויל דעם זונפאַרגאַנג — — — — — 57


## פון אַלע ווייטענישן

כ׳קום אַלע מאָל . . . — — — — — — 61
פון ימישע ווייטן — — — — — — 62
דער דופט פון גראָז — — — — — 63
אויף אַרגענטינער ערד :
א. פרילינג אין בוענאָס־איירעס 64
ב. לאַוואַזשע אין „צענטער" — 65
ג. אַרגענטינער ווינטער־
פייזאַזש — — — — 66
ד. די ערד פאַרוואָרלאָזטע — — 68
ה. אין הייסן טאָג — — — — — 69
ו. פליענדיקע לוויות — — — 70
ז. סעמענטעריאָ — — — — 72
ווען ס׳רעדט דער ים — — — — — 73
מאָנטעווידעאָ — — — — — — — 74
באַגעגעניש אין פאַריז — — — — 76
די פרעמדע שטעט — — — — — — 77
ווי האָס איך דיך, וואַלד — — — — 78
די רויטע שחיטה — — — — — — 79
זיי גייען אַוועק — — — — — — 81
צו ה. לייוויק — — — — — — 82
נביאי־השקר — — — — — — — — 83
אין צייט פון אַטאָמען — — — — — 84
אין שטערנרוים — — — — — — 85
אַ דין־תורה — — — — — — — — 87
כ׳קום ווידער . . . — — — — — — 88
ירושלים — — — — — — — 89
אין רחבותן פון וועלט — — — — — 90
אַ דערמאָנונג :
א. ביים אָפענעם קבר — — — — 93
ב. אויף דיין קבר — — — — 94
ג. דו ביסט נישטאָ... — — — — 96


## אונטער פּאַרמאַכטע אויגן

אונטער פאַרמאַכטע אויגן (פאָעמע) 99
פאָסטלוד — — — — — — — — 113

# פרעלודיע

לידער מיינע — בלויע פלאַמען
פון מײַן דעמערדיקן געמיט.
אין מיין נע־ונד צוזאַמען
שטענדיק איז מיט מיר מיין ליד.

איבער וועגן, איבער שטעגן,
איבער מדבר, איבער ים —
מעג עס זיין דעם טויט אַנטקעגן —
שטענדיק מיט דעם בלויען פלאַם — —

# רויכן פון מאַידאַנעק

די ערד איז נאָך אין וווּנדן פול — די מאַסן־קברים;
מאַידאַנעק־אַש — ער גליט און שרפהט נאָך ווי שחין.
ס'וועט דורות, דורות פרעסן דער געוויסנס־וואָרעם,
אין קין־שאַרבנס לעכערן דעם מוטנעם זין.

קיין הימל־תכלת וועט אויף אייביק נישט פאַרדעקן
די ערד די פוילישע, וואָס בליט און גרינט אויף ס'ניי:
עס שרייט דאָס בלוט פון טיף אַרויס מיט אַלע שרעקן —
מעג זיין אין מיטן רייץ פון אַ צעשטראַלטן מײַ.

מעג שנאה יובלען דאָרט, ווו טייכן זיינען טרערן;
מעג האַס פאַריאָגן אויך דעם לעצטן אבל־ייִד, —
ווער ס'האָט אַן אויער, וועט אין נאַכט־שטילקייט דערהערן
געיאָמער אינעם וואַלד־געררויש, אין פייגל־ליד.

מאַידאַנעק־רויכן בלאָנדזשען אום אין אַלע רוימען,
פאַרטונקלען אָרגיעס שיכור־שווימיקע פון וועלט.
דעם „שמע ישראל" פון פאַרגאַזטע ווער קאָן צוימען?
ער גרייכט צו רוּיִקסטע מיט שוידער און מיט קעלט — — —

ב'־איירעס, יוני 1957

## פון יענער ערד...

מיט רעשטלעך פון די לעצטע ייִדן
פון יענער ערד בין איך אַוועק.
די היים, וואָס איז אויס היים געוואָרן,
געטוישט אויף נע־ונדן וועג.

געלאָזט דאָס אַש, געלאָזט די חורבות,
דעם שטומען יאָמער אין די נעבט:
די טויטע אָן תכריכים, קברים —
זיי מאָנען, מאָנען זייער רעכט...

געלאָזט דעם צער פון פוסטע שולן,
בית־עולמס אָן אבלים גאָר:
אַז די אבלים אויך פאַרברענט דאָך,
אין פלאַמען איז אַוועק אַ דור — — —

איז וואָגל איך אין וועלט אין פרעמדער —
אַ נישט־דערקוילעט בידנע שאָף.
ס'וויל קיינער הערן פון די גרוילן,
וואָס רויבן רו, וואָס רויבן שלאָף.

ס'גייט אָן אין שטעט דאָס שפּיל פון לעבן,
און ס'קאָן נאָך לאַכן אויך אַ ייִד...
ווער וויל, ווער דאַרף דעם בעל־מקונן
און די יסורים פון זיין ליד? — —

נאָר איך — דער נישט־דערברענטער קרבן —
געבליבן בין איך נאָר דערצו:
דער וועלט צו וואַרפן אַלע פּיינען
און דווקא רויבן שלאָף און רו — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, 1957

# אויף יענער זייט ים...

אויף יענער זייט ים פֿאַראַן איז אַ לאַנד,
איז דאָרט פֿון מיין היים נישטאָ אויך קיין וואַנט.

אין חורבן אַוועק, אין פֿייער און טויט
וואָס זיידעס געפֿלאַנצט, וואָס אבות געבויט.

פֿון באָבעס געבענטשט, פֿון מאַמעס געפֿלעגט.
אַ ליבשאַפֿט אויף אַלץ שפּרייטן זיך פֿלעגט.

פֿון דורות אַזוי, פֿון יאָרן אַזוי —
ווי תמיד די זון, ווי תמיד דער טוי.

ווי בוים אינעם וואַלד, ווי ס'גראָז אינעם פֿעלד —
געוואָקסן אַזוי מיין היים און מיין וועלט...

אויף יענער זייט ים פֿאַראַן איז אַ לאַנד —
איז דאָרטן מיין היים אַוועק מיטן בראַנד.

די מאַמעס אין אַש צעשפּרייט איבער ערד.
און אייביק געקלאָג אין הימלען זיך הערט...

דאָך ציט מיך אַהין אויף חורבות צו גיין —
כאָטש קיינער נישטאָ. קיין קבר, קיין שטיין...

נעקאָטשעאַ, יאַנואַר 1956

# אשמנו...

שוין פאַרטיק ביים ווערדל דער גראָבן דער לאַנגער,
די ייִדן עס שטייען ביים ראַנד.
אַליין זיך געגראָבן דעם קבר בציבור,
זיי קלאַפּן אין האַרץ מיט דער האַנט:

— אשמנו... בגדנו... — עס מורמלען די ייִדן,
מיט אויגן צום הימל געווענדט.
אָט באַלד — אין אַ זאַלפּ וועלן געבן די רוצחים,
אָט באַלד — און זיי וועלן פאַרלענדט.

—אשמנו... בגדנו... — פאַרהילט אין זיין טלית
עס זאָגט מיט דער עדה דער רב.
און ס'זאָגן נאָך אַלע אין שטילער יללה,
אָט באַלד — און זיי פאַלן אין ראָוו.

— אשמנו... בגדנו... — ווער איז אויף אַן אמת
דער זינדער: די ייִדן, צי גאָט?
און ווער איז דער בוגד? צי גאָר כביכול,
צי פאָלק, צי די עדה פון שטאָט?

איז ווער זשע דער שופט און ווער זשע דער דיין?
און ווער טראָגט אַרוים דעם גזר־דין?...
— אשמנו... בגדנו... — ביים ראָוו שטייט די עדה
און ס'צילט דער פלוטאָן שוין אַהין — — — —

קאַסטעלאַר, פעברואַר 1960

# אתה נגלית...

אתה נגלית בענן כבודך על עם קדשך לדבר עמם.
(פון די ימים־נוראימדיקע תפילות)

דו האָסט זיך אַנטפּלעקט אונדז אין וואָלקן,
אין גרויסקייט און רום;
פון הימלען דיין קול געלאָזט הערן
אין גאַנצן אַרום.

דו האָסט זיך אַנטפּלעקט אויפן סיני
אין לויטערסטן שיין;
דו האָסט אונדז געלערנט: „לא תרצח!",
ווי ייִדן צו זיין.

דורך פלאַמען, דורך דונער און בליצן,
דורך שופרות־געשאַל.
אַ בונד מיט דיין פאָלק האָסט געשלאָסן
אין שכינה־צעשטראַל.

פאַר וואָס דעם „לא תרצח" געלערנט
האָסט אונדז נאָר אַליין?
נו, האָבן אונדז אומות געשאָכטן,
כאָטש מיר זיינען ריין.

און דו האָסט געקוקט און געשוויגן
פון הימלשער הויך —
ווען מ'האָט אונדז אין אויוונס געוואָרפן,
אין פלאַמען און רויך — — —

אוי, אתה נגלית... צו אונדז נאָר...
אויף סיני... אַמאָל...
פֿאַר וואָס אויך צו ז י י מיט „לא תרצח"
עס שאַלט נישט דיין קול? — — —

ב״־איירעס, אויגוסט 1956

## אין די חרובע שולן

איבער שטעט, איבער שטעטלעך פון פוילן
די שכינה פאַרלאָבלט גייט אום;
קוקט אַריין אין די שולן די פוסטע.
אין די פענצטער קיין ליכטל. טויט־שטום.

נישט קיין ייִדן און אויך נישט קיין תפילות —
אַז די יידן אַוועק מיטן רויך.
גייט נישט אויף מער קיין בכיה צו הימלען,
צו דעם כסא־הכבוד דאָרט הויך.

ס'איז נישטאָ וועמען משפטן איצטער
אין די הייליקע, פאָרכטיקע טעג.
אַז געשוויגן האָט אויך דאָך דער הימל,
ווען די עדהס צו שחיטה אַוועק.

איצטער חרוב די שולן און פינצטער
און די שכינה, זי וואָגלט אַליין...
פול מיט צער און אין ווײ פון אבלות,
זינקט די שכינה אין טיפן געוויין — — —

ב'־איירעס, 1958

# אלול־מאָטיוו

אין פרעמדן שולכל תקיעות שאַלן,
צו תשובה וועקן זיי.
צום ארון־קודש תפילות פאַלן,
געלייטערטע אין וויי.

די אלולדיקע ווינטן ווייען
מיט אומעט פונעם פעלד.
צו קבר־אבות ייִדן גייען,
עס וואַרט די טויטע וועלט.

מען קומט צו בערגעלעך אין גראָזן,
מען פאַלט צו שטיינער צו.
איעדער טוט זיין טרער דאָ לאָזן
אין הייליק־טיפער רו.

נאָר די אבלים די צעשפּרייטע
פון פוילנס ווייטער ערד, —
די עלנטע שארית־הפליטה,
וואָס זייער היים צעשטערט... —

זיי האָבן ערגעץ נישט אַפילו
קיין בערגעלע, קיין שטיין —
פאַר טרערן הייסע, שלוכצן שטילע,
פאַר אבלשן געוויין...

ס'איז פוילן זייער בית־הקברות
אָן קברים, אָן געוויין...
זאָל ווינט פאַרטראָגן די „אל מלא"ם
אַהין צו פעלד און פליין...

1959 ,ב״איירעס

## חלום אין וואַנדער

פון ווייטער ווייט, דורך וואָלקנס בלויע
מיין היים קומט מיר אַנטקעגן.
כ׳דערקען די געסלעך, כאַטעס גרויע,
די אַלטע, ליבע וועגן.

און פון איין כאַטע איינגעבויגן
עס קומט אַרויס מיין מאַמע:
האַלב־בלינדע זיינען אירע אויגן,
פון וויינען פיל מסתמא.

עס שטיקן מיך אין האַלדז די טרערן,
איך טו צו איר געגענען.
איר דאַרע האַנט באַטאַפּט מיין שטערן,
זי הייבט מיך אָן דערקענען.

— „אָ מאַמע!" — — — ווייז איך זיך פונאַנדער
און קוש איר קאָפּ איר ווייסן...
— — — — — — — — — — — — — —
דאָ נעמט אַ חבר פונעם וואַנדער
פון מידן שלאָף מיך רייסן.

מיך טראָגט אַ שיף דורך ווינטס געיאָמער,
דורך אומבאַקאַנטע ימען.
ווו היים? ווער מאַמע? לאַנג נישטאָ מער,
אַוועק אין גאַז, אין פלאַמען — — —

בעקאָטשעאַ, יאַנואַר 1956

## פאַרן כסא הכבוד

אמת כי אתה הוא דין..

(פון ונתנה תוקף)

ס'איז אמת, אַז דו ביסט דער דיין,
אַז דו ביסט דאָס העכסטע געריכט. —
איז ווילט זיך מיר וויסן ווי האָסטו
מיין מאַמען געקוקט אין געזיכט, —

ווען זי איז געקומען פון אויוון,
פון אַשן אַרויף פאַר דיין שטול...
מיין מאַמע — ווי מאַמעס מיליאָנען,
דער הימל געוואָרן איז פול...

און נישט נאָר די מאַמעס — אויך קינדער
געקומען צו דיר מיטן רויך.
ווי האָסטו באַגעגנט זיי, דיין,
אין טאָג פון געריכט אין דער הויך?

זיי זיינען געקומען צום משפט,
דורך פייער געגאַנגען אַהין.
זיי מאָנען נישט סליחה ומחילה —
זיי מאָנען, זיי מאָנען נאָר דין! — —

נאָר ווו זשע, נאָר ווו דיין פסק־דין איז?
די ערד מיט תלינים נאָך פול...
נשמות פון קינדער פאַרברענטע
עס פלאַטערן אום ביי דיין שטול — — —

ב׳־איירעס, סעפט׳ 1960

# אין אַ פרעמדן וואַלד

די הויכע שלאַנקע סאָסנעס פונעם פרעמדן וואַלד
דערמאָנען מיר מיין ווייסטע חרובדיקע היים.
דאָרט ווייען איצטער ווינטן הפקרדיק און קאַלט,
אַלץ ליגט אין חורבות דאָרט, אַלץ ליגט אין קופּעס ליים.

די פרעמדע סאָסנעס פליסטערן מיר טרויעריק־שטיל
פון מאַמע פון געשאָכטענער אויף י ע נ ע ר ערד.
אין וואַלד־געדריש איר „שמע ישראל" כ'הער און כ'פיל,
איר לעצט געשריי פון אונטער דעם רוצחס שווערד.

די פרעמדע, שטילע, גרינע סאָסנעדיקע וועלט —
זי קאָן נישט געבן מיר קיין רגע רו, קיין פרייד:
די ווייטע הימלען ברענגען מיר פון ד אָ ר ט ן קעלט,
און ווינטל מיט אַ ווייטן גרוס פון קברים ווייט...

לאַס טאָסקאַס (אורוגוויי), יאַנ' 1959

## אין אַ כל־נדרי־נאַכט

אין מרחקים מיין היים איז געבליבן
פֿאַראָבלט, אין ווײַ.
אַלע שטיבלעך פֿאַראַן, נאָר נישטאָ שוין
קיין ייִדן אין זיי.

פֿון די פֿענצטער שוין גוייִשע צורות
עס קוקן אין גאַס.
מן הסתם פֿון די ייִדישע טרערן
די שטיינער נאָך נאַס.

פֿון דער שול פֿון דער אַלטער געוואָרן
איז לאַנג שוין אַ „קלוב"...
נישט קיין תּפֿילה, קיין ייִדישער ניגון,
קיין ייִדישע שטוב.

אין דער נאַכט פֿון יום־כּיפּור מען הערט נישט
כּל־נדרי־געזאַנג.
עס איז „מענדערס בית־מדרש" געוואָרן
אַ חורבה שוין לאַנג.

נאָר געבליבן דאָס בערגל־בית־עולם,
דאָס הייליקע אָרט.
קומט קיין אָבל, פֿאַרזינקען מצבֿות,
פֿאַשען ציגן זיך דאָרט.

קומען מתים אַרויס פֿון די קבֿרים
אין פֿאָרכטיקער נאַכט.
קלינגט כּל־נדרי פֿון אָבֿות אין ווייסן,
אין עטרות און פּראַכט...

ב״־איירעס, 1959

## פתח לנו שער...

„פתח לנו שער"... — האָט די עדה,
אָ, רחמים געבעטן ביי דיר.
נאָר דו האָסט דעם קול נישט פאַרנומען,
פאַרשלאָסן פון רחמים די טיר.

האָט פאַרבלוטיקטע האַק פריי געוועלטיקט,
צעשאָכטן די עדה פון שטאָט;
פאַרברענט אויך דיין הויז, דיין „לא תרצח",
פאַרשפּיגן דיין הייליק געבאָט.

נישטאָ שוין די עדה, די בעטער,
אַוועק אַלץ אין פלאַמען און רויך.
פון חורבות קיין בכיות, קיין תפילות
עס גייען נישט אויף אין דער הויך.

„על חטא" שלאָגט זיך איצט כביכול.
און ס'קאַפּעט אויף חורבות זיין טרער.
נאָר נישטאָ ווער זיין שטים זאָל פאַרנעמען —
די עדה נישטאָ דאָך שוין מער — — —

ב"־איירעס, סעפּטעמבער 1961

## רעמיניסצענצן

די גרין־צעשפּרייטע ווערבע ביי מיין פענצטער
פון שטעטלדיקער אַלטער היים;
דאָס קליינע שטיבל אָרעמע און גרויע,
די ווענט מיט פלעקן געל פון ליים;

די אַלטע גוטע, פרומע טאַטע־מאַמע,
געבויגענע פון זאָרג און נויט
(אַז תמיד פול געווען די לופט פון שטיבל
מיט פחד פאַרן ביסן ברויט...);

די כאַטקעס הילצערנע, די קליינע געסלעך,
דער בית־המדרש און דער מיט
(אָ, וויפל קדושה כ'האָב פון דאָרט געירשנט,
דאָרט אויך געוועבט מיין ערשטלינג־ליד) —

דאָס אַלץ איז מער נישטאָ, ווי נישט געווען גאָר,
מיט קברים פול נאָר יענער אָרט.
געבליבן נאָר חלומות, וואָס געגומען
איך האָב אין גרויסער וועלט פון דאָרט.

דאָך זע איך פאַר די אויגן אַלץ יענץ שטיבל,
די ווערבע וויגנדיק זיך שטום;
מיין טאַטן אין זיין אָרעמאַנסקן טלית,
מיין מאַמען ביי איר סידור פרום.

זי בעט פאַר מיר אין מיינע שוואַרצע שעהן,
אין מיינע נע־ונדע טעג...
כ'וועל פילן אירע טרערן און איר ליבשאַפט
ביים סוף אויך פון מיין וואָגל־וועג — — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, יאַנואַר 1960

# אין קיינעמס לאַנד

כ׳בין ווי אין קיינעמס לאַנד פאַרבליבן,
דאָ גייען מיינע טעג פאַרביי.
און כ׳קאָן נישט אונטער פרעמדע הימלען
זיך אויפשטעלן אַ היים אויף ס׳ניי.

איך בין געבליבן ווי אַ פרעמדער
אין טומל פון אַ ווייטער שטאָט.
מיך לאָקן נישט די פלאַכע פריידן,
ס׳איז פרעמד מיר דאָ אי מענטש, אי גאָט.

עס איז מיין גורל פון אַ וואָגלער —
נאָר מדבר, פוסטקייט פילן, זען...
צו לעבן נאָר מיט די זכרונות,
נאָר מיט דער וועלט, וואָס איז ג ע ו ע ן...

נאָר מיט דעם נ ע כ ט ן, וואָס פאַרשוווּנדן,
וואָס אָפּגעמעקט דורך מאָרד און בראַנד...
אַזוי איז שוין מסתּמא מיין גורל —
צו אויסגיין אויך אין קיינעמס לאַנד — — — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, יאַנואַר 1960

## וואָס ווייטער...

וואָס ווייטער ס'רוקט זיך אָפּ די צייט פון אונדזער חורבן,
וואָס ווייטער ס'ווערן יענע אבל־שוואַרצע טעג;
וואָס מער פאַרוואָקסן ס'ווערן אַלע מאַסן־גריבער,
וווּהין געגאַנגען איז מיין פאָלק אין לעצטן וועג;

וואָס מער די וועלט וויל אָפּווישן פון איר געוויסן
דעם הבל־מאָרד, דעם גרעסטן שווידער פון דער צייט, —
אַלץ ווילדער און אַלץ שוואַרצער שווימט ער אויף גאָר.
דאָס בלוט עס שרייט פון ערד אַרויס. עס מאָנט און שרייט.

און ס'הערט נישט אויף צו מאָנען, ס'הערט נישט אויף צו שרייען.
עס מוז, עס מוז נאָך קומען ווען דער טאָג פון שטראָף.
עס האָט אַ פאָלק אַ פאָלק במזיד אויסגעשאָכטן,
אַזוי ווי ס'קוילעט אוים אַ שוחט בידנע שאָף.

וואָס מער די וועלט וויל מאַכן אונדז אָן אַלץ פאַרגעסן
און אָפּווישן מהילהדיק די מערדער־האַנט, —
אַלץ מערער שאָטנס טויכן אויף פון מאַסן־גריבער
און וואַרפן אויף די האַרן פון דער וועלט די שאַנד.

וואָס מערער גראָז פאַרדעקט שוין אַלע ברידער־קברים,
אַלץ פיינלעכער איז אונדזער קדיש איבער זיי.
עס וועלן דורות גיסן טרערן איבער קינות,
און אייביק וועט נישט איינשטילן ביים פאָלק דער וויי — — —

נעקאָטשעאַ, פעברואַר 1956

# געגוג איז אַ חלום

אין בין־השמשות לעשן זיך די ווייטע הימלען,
די לעצטע שקיעה־פלאַמען גייען אוים.
די וואַסער־ליליען אינעם קלאָרן סטאַוו דרימלען,
געשטאָרבן איז אַרום דער טאָג־גערויש.

די ווייעגדיקע ווערבעס ביי די גרינע ברעגן —
זוי שומרים פון דער געטלעך־שטילער שעה.
איז גוט צו קומען דאָ פון אַלע דיינע וועגן,
קיין בעסער רו פאַר טרוימער איז נישטאָ.

דיך וועלן שאָטנס וויכע, זײַדענע פאַרהילן,
פאַרוויגן דיך צוזאַמען מיט דיין וויי.
געשטאַלטן אין אַ קאַראַהאָד אַ שטומען, שטילן
פאַרבייגיין וועלן קלאַנגלאָז אין אַ ריי.

לבנה גלעטן וועט מיט אירע בלויע פינגער,
פאַרשפינען דיך אין זילבערדיק געשפין.
וואָס דאַרף דען מער אַ בעל־חלומות און אַ זינגער?
געגוג אַ חלום בלויז פאַר האַרץ און זין — — — —

ב״איירעס, אויגוסט 1958

# ס׳איז גוט פֿאַרגעסן זיך ...

ס׳איז גוט מתייחד זיין זיך מיט דער גאָט־געבענטשטער
שטילקייט,
מיט ווייטע בלויקייטן, מיט פֿרעפֿלענדיקן ים;
און שטומע, ווייסע זאַמדן פֿון די בערגלדיקע דיונעס
צו ליגן אָן אַ ציל גאָר, אַזוי ליגן סתם.

ס׳איז גוט פֿאַרגעסן זיך פֿון גרויער שטאָט און פֿון
איר זשאַווער,
פֿון די הבל הבלימדיקע טריבע טעג.
און שווייגן פֿון די זאַמדן קאָן אַ סנה אַ נס באַווייזן,
באַלייכטן הייליק דיר יחידותדיקן וועג.

קאָן קדושה אויפֿוואַכן מיט פֿלאַם אין היכל פֿון נשמה,
געבוירן קאָן אין לויטערקייט נביאיש וואָרט.
און בענטשן ווידער וועסטו ערד און בענטשן וועסטו הימל
אין דיין התבודדותדיקן, הייליק־שטילן אָרט.

סאַן קלעמענטע דעל טוזשו, 1958

## שווימען שיפן...

שווימען שיפן איבער ימען,
שווימען נעכט און שווימען טעג.
זון באַגלייט מיט אירע פלאַמען
ערגעץ צו אַ ווייטן ברעג.

ווער ס'איז פון אַן ערד אַנטלאָפן,
וואָס געוואָרן איז אים לער...
הער עס שווימט גאָר פול מיט האָפן
גראָד אַהין מיט גרויס באַגער.

קרייצן שיפן ימען־וועגן
מיט די זוכער הער און הין.
קומען ווייטן זיי אַנטקעגן,
לאָקן כוואַליעס בלוי און גרין.

ס'טרייבט די זוכער ווי דורך ווינטן
זוכן ערד, וואָס איז זיי נײַ;
טרוימען פון אַ טאָל צעגרינטן,
פון אַ העל צעגליטן מײַ.

זאָל נאָר גורל נישט אַנטווישן
אָט די טרוימער אויפן ים;
זאָלן כוואַליעס פרײַלעך רוישן
און צעצינדן זייער פלאַם.

שיין דאָס זוכן, שיין דאָס האָפן,
שיין דער חלום, נײַ דער זין.
יאָ געטראָפן — נישט געטראָפן...
שווימען שיפן הער און הין — —

אַטלאַנטישער אָקעאַן, מערץ 1960

## רעגן אויף ים...

רעגן אויף ים. אויף די בערגיקע כוואַליעס
עס פליִיצן ווי שטראָמען, געיאָגטע פון ווינט.
עס נידערן כמאַרעס אויף וואַסער־בערג ווילדע.
עס רעווען די כוואַליעס ווי טשאַטעס פון הינט.

רעגן אויף ים. שוין מסתמא דער מבול
איצט האָט אויך פאַרטרונקען די גאַנצענע וועלט.
און ס׳וועט אונדזער „תיבה" אין ערגעץ נישט קומען,
דער שפּיץ פון אררט אין כאַאָס עס פעלט.

רעגן אויף ים. נײַער מעשה בראשית.
דוכט, איבערגעשאַפן ווערט הימל, ווערט ערד.
טאָ זאָל זשע דער שעפער גאָר גוט זיך פאַרטראַכטן —
אַ בעסערע שאַפן פון דער, וואָס צעשטערט — — —

אַטלאַנטישער אָקעאַן, יולי 1960

# צום היימישן פרילינג

איך פאָר צו אַ היימישן פרילינג,
צו היימישן וואַלד און צו פעלד.
עס ווייען די ווינטעלעך מילדע
מיט דופט פון פאַרלוירענער וועלט.

שיקט קושן די זון אַזאַ צאַרטע
און נעמט מיט אַ ליבשאַפט אַרום.
זי בריט נישט, זי שטעכט נישט אין שאַרבן
ווי דאָרטן, פון וואַנען איך קום.

איך פאָר צו אַ היימישן פרילינג,
כ׳גענען צו אַ היימישער ערד.
עס גריסן שוין מעווּעס אַנטקעגן,
כ׳זע, ס׳איז מיר אַ פרייד נאָך באַשערט.

פאַרנעם איך דעם פלאַטער פון פליגל,
איך פלי מיט זיי מיט אין דער ריי.
און דוכט, עס לאָזט אָפּ מיך דער טרויער,
דער עלנט פון וואָגל און ווייי — — —

אַטלאַנטישער אָקעאַן, אַפּריל 1960

## סדנא דארעא

ס'איז סדנא דארעא חד הוא,
מיט שיינקייטן אַלערליי, —
איז ווילט זיך די ערד נישט פאַרלאָזן
נאָך איידער געזען האָסטו זיי.

איז ציט דיך אין שטעט און אין לענדער,
דורך וועגן, דורך באַנען, דורך ים.
אַז אומעטום לאַקט דיך אַ שיינקייט,
פון שקיעות — דער פאַרביקער פלאַם.

אַ פּאַלמע דיך גריסט מיט איר רחבות;
אַ באַרג צו זיין הויכעניש רופט;
אַ וואַלד דיך פאַרבעט אין זיין שאָטן;
אַ רויז־קוסט פאַרשיכורט מיט דופט.

דאָ רוישן קאַסקאַדעס צעהפקרט
און שפּריצן מיט זילבער אַראָפּ;
און דאָרטן אין טאָל יאָגט אַ טייכל,
עס יאָגט זיך אַזוי אין גאַלאָפּ.

אַ בין זשומט פאַרביי מיט אַ ניגון,
אַ שוועלבל אין לופט טוט אַ יאָג.
ס'איז אַלץ שוין און ניי ווי דער פרילינג,
און ניי איז אויך תמיד דער טאָג.

אַ שמייכל פון אויגן פון שוואַרצע
פאַרכישופט מיט פרויישן חן.
אַז אומעטום פריידן דערוואַרטן —
ווּהין זאָלסטו נישט שוועבן און גיין.

אַז סדנא דארעא חד הוא —
און אייביק די שיינקייט און ניי,
חטוף ואכול — כאַפּ די שיינקייט
נאָך איידער דיין ליד איז פאַרביי — — — —

אַטלאַנטישער אָקעאַן, יולי 1960

## אַזוי ווי אַמאָל...

פרילינג! איך וואַרט אויף דיין חסד,
פֿאַרבלענד מיך אַזוי ווי אַמאָל;
אַזוי ווי אין בראשית פון יאָרן,
אין גרינעם, אין היימישן טאָל.

כ׳פלעג ליגן אין שויס פון דער לאָנקע
ביים סטאַוול, וואָס צווישן אַיִיר;
דאָס פנים צום הימל, צו בלויקייט,
און זון האָט געשמייכלט צו מיר.

באַרוישט פון די ריחות די דינע,
פון געלן רומיאַנעק אין פעלד;
פון פרייד כ׳פלעג צעשפּרייטן די אָרעמס,
אַרומנעמען וואָלט איך די וועלט.

אַרומנעמען וועלט, וואָס אין גאַנצן
איז מיינע, איז מיינע געווען.
עס האָבן געלאָקט מיך די ווייטן
די בלויע, וואָס ס׳אויג האָט געזען.

ס׳איז אומעטום בלויקייט געווען,
אין אַלע פיר זייטן אַרום;
און הדווה אין יעטוועדן גרעזל,
אין ניגון פון בינען־געזשום;

אין שטילן געפלאַטער פון שוואַלבן,
צעצויגן אין רוים קרייז נאָך קרייז. —
אָ, פרילינג! איך וואַרט אויף דיין חסד,
דיין כישוף מיר ווידער באַווייז.

דער האַרבסט זאָל באַשימערט מיר ווערן
מיט שמייכל פון זון און מיט פרייד;
עס זאָל זיך צעזינגען די שקיעה
ביים סוף, ווען דער טאָג שוין פאַרגייט — — — —

ב׳־איירעס, נאָוו׳ 1960

# ב ל ו י ק ײ ט ן

בלױקײט אױבן, בלױקײט אונטן —
איך אין מיט.
װערן אײנגעװיגט די פּײַנען
אין געמיט.

שװימסט אין אומבאַקאַנטער בלױקײט
װײַט, אָ װײַט!
בלײַבן הינטן די קאָשמאַרן
פֿון דער צײַט.

בלײַבן חורבות, בלײַבן קברים,
דײַן געצעלט.
בלײַבט דאָס אַש אױך פֿון דײַן מאַמען,
בלײַבט אַ װעלט...

בלױקײט, בלױקײט... און די מעװעס
צײַל נאָך צײַל —
װערן אײַנגעװיגט די פּײַנען
נאָר אַ װײַל...

בעקאָטשעאַ, יאַנואַר 1956

# אין רעגן

אין רעגן שלאָפן איין די פּיינען,
אין רעגן שטילט איין דיין געמיט.
עס זינגען טראָפּנס אויף די שויבן
און וויגן איַין דיך מיט אַ ליד.

פאַרמאַכן זיך די אויגן־לעדלעך,
אַ מאַמע שטייט צוקאָפּנס דיר, —
ווי עמעץ וואָלט מיט שטילע פינגער
פון עבר אויפגעמאַכט די טיר — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, פעברואַר 1957

(צווייטע ווערסיע *)

...מיין אָרעמע היים איז אומהיימלעך און קאַלט.
די שייבלעך פאַרטרערט. ס׳פאַלט אַ רעגן און פאַלט.

פון סטעליע עס קאַפּעט כסדר טריפּ־טראָפּ.
עס שטייט אויף פּאָדלאָגע אַ שיסל, אַ טאָפּ.

עס אָטעמען ווענט שוין מיט שימל, מיט גרויל.
ס׳קומט ווינטער. בני־בית נאָך באָרוועס און הויל.

עס זיפצט שטיל די מאַמע: „נו, וואָס הייבט מען אָן?"
עס ענטפערט דער טאַטע אין זעלביקן טאָן.

מ׳דאַרף גרייטן אויף ווינטער אַ בגד, אַ „לאַך" **);
קאַרטאָפל און ברויט, און נאָך שינדלען צום דאַך.

און טאָרף דאַרף מען גרייטן אַ פורל, צי צוויי.
ווען פרעסט וועלן קומען — איז אָך און איז וויי.

נו, פרעגט זיך: „פון וואַנען?"... ס׳רעדט טאַטע קיין וואָרט.
אַ זומער אַ שוואַכער און גאָר נישט געשפּאָרט.

עס זיצן בני־בית פאַרזונקען און שטאַר.
געבראָכן פון דאגות, דערשלאָגן פון צער.

און ס׳קאַפּעט פון סטעליע כסדר טריפּ־טראָפּ.
שוין פול באַלד דאָס שיסל, שוין פול באַלד דער טאָפּ.

---

*) ערשטע ווערסיע אין „יאָרן אין וואַנדער".

**) אַ טראַנטע, אַלטער מלבוש.

עס קרעכצט הינטער איינציקן פענצטער דער בוים.
ער בייגט זיך פון ווינט און ער האַלט זיך קוים־קוים.

אויך ער — אָט דער שכן — שטייט עלנט און וויסט:
פון אַלינקע בלעטער — אַ בערגעלע מיסט — —

מיין אָרעמע היים — זי איז לאַנג שוין נישטאָ.
איך זע זי אין האַרבסטיק־פאַרנאַכטיקער שעה.

דער טאַטע לאַנג טויט און די מאַמע דאָרט, ווו
געשאָכטענע מאַמעס, אָן קברשער רו...

אָן שטיין און אָן בערגל, פאַראַשט און פאַרלענדט,
צוזאַמען מיט טויזנטער מאַמעס פאַרברענט — — —

# דער אַלטער אומרו

אויב האָסט נישט ביז איצטער געפונען
קיין רויִק ווינקל אויף דער ערד —
אומזיסט דאָס זוכעניש... צערונען
דיין חלום ווערט... אַזוי באַשערט.

צו שפּעט צו זוכן נייע ברעגן
דורך אָפּגרונטן פון אָקעאַן.
ס'וועט טראָגן שטורעם דיך אויף וועגן,
דאָך ערגעץ איז קיין רו פאַראַן.

צו שפּעט... אַז ווי דו זאָלסט נישט קומען —
דער אַלטער אומרו וואַרט אויף דיר.
ער וועט גאָר קיין מאָל נישט פאַרשטומען,
באַגלייטן דיך ביז קבר־טיר...

נישט אַלעמען באַשערט געניסן
דעם דופט פון פעלד, די פרוכט פון בוים.
דיין לעבן לאַנג צעפליקט, צעריסן,
אין נע־ונד גייט אוים דיין טרוים — — — —

קאַסטעלאַר, פעברואַר 1960

## די זיקנה יאָגט...

די זיקנה יאָגט מיך נאָך אין וועג.
זי שרעקט מיך און איך אייל אַוועק.

זי יאָגט אין אַ פאַרמאַכטן קרייז,
כאַפּט פאַר די שלייפן, מאַכט זיי ווייס.

כאַפּט פאַר אַ פוס און, דוכט, איך לאָם,
כ׳לויף הינקענדיק ווי פון אַ תהום.

נאָר כ׳קען פון קרייז גאָר נישט אַרויס.
ס׳איז ווי אַ שפּיל פון קאַץ און מויז.

עס גרינט אַרום, עס בליט אַרום,
יצירה יובלט אומעטום.

כ׳פאַל צו מיט דורשט צו לאָנקע גרין,
נאָר זיקנה רוימט מיר איין גזר־דין...

איך שטרעק צו הימל אויס די הענט —
אין שקיעה זון ווערט אויך פאַרברענט.

זי ווערט פאַרברענט, ס׳לעשט אויס איר פּראַכט —
פאַר אַלץ, פאַר אַלץ קומט אָן די נאַכט — — — —

קאַסטעלאַר, יאַנ׳ 1962

## זײַ רויִק, האַרץ...

זײַ רויִק, מײַן האַרץ. נאָך פֿאַראַן אויך אין שקיעה
וויפֿל שפּיל, וויפֿל פֿאַרב, וויפֿל פּראַכט!
דער חלום דער לעצטער קאָן זײַן גאָר דער שענסטער
כּל־זמן ס'פֿאַלט נישט צו נאָך די נאַכט...

זײַ רויִק, זײַ שטיל — ווי די שטילינקע גראָזן
זײַנען ווינטער געגענט שוין מיט קעלט.
ביז ס'קומען די ווינטן, ביז ס'קומען די שנייען
ווי לאַקט נאָך דאָס האַרבסטיקע פֿעלד — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, פֿעברואַר 1957

## צווייַ פרילינג־שוועסטער

צוויי שלאַנקע, שטאָלצע, ווייַס־אַלבאַסטערדיקע פרילינג־בלומען,
מיט גאָלדן־קרוינדלעך פון די לויטערדיקע בעכערס מיט —
ווי ווייסע צניעותדיקע צווילינג־שוועסטער אויפגעקומען
פון קאַקטוס־קאָפּ, וואָס ווי מיט חלום העלן זיך צעבליט.

נאָר אָך און וויי — ווי קורץ באַשערט די ווייַסע פרילינג־שוועסטער
צו בלענדן אונטער בלויען הימל מיט דער ווייסער פּראַכט:
נאָר איין מעת־לעת! צו מאָרגנס ווי אין חרובדיקע נעסטער
די צאַרטע פייגל־עופעלעך גייען אויס אין פראָסט פאַרשמאַכט.

די בעכערלעך צונויפגעשרומפּן ווי סקעלעטן־זקנות
און איינגעהויקערט, איינגעבויגן צו דעם קאַקטוס־שטאַם.
אַ ווינט פאַרטראָגט זיי לציש, הפקרדיק, ווי אַלדאָס שיינעס —
און ס׳ווערט דער ווייסער כישוף אויסגעלאָשן ווי אַ פלאַם.

פאַר וואָס, אָ גאָטער, זאָגט! פאַר וואָס איז תמיד שיינקייטס דויער
אַזוי קורצווייַליק, ווי אַ חלום, ווי אַ ווינטס אַ בלאָז?
פאַר וואָס איז דויערדיק, פאַר וואָס איז לאַנג דער שוואַרצער טרויער,
ווי אַלטע קברים, וואָס פאַרוואָקסן שוין מיט מאָך און גראָז?...

ב״־איירעס, יאַנואַר 1958

## פריי זיך...

פריי זיך מיטן הימלס רחבותדיקן בלויען ים,
פריי זיך מיט אַיעדער זינגעוודיקער שעה.
אָטעם־איין דעם כישוף פון דעם בונטן שקיעה־פלאַם.
פריי זיך... טרינק די גאַנצע שיינקייט אויס ביז דנאָ.

פריי זיך... טרייב אַוועק די שוואַרצע וואָלקנס פון געמיט.
חשבון נישט דיין צייַט, צעפליק דעם קאַלענדאַר.
זע ווי ס׳פלאַמען די פּיאָנען, פרויען ווי צעבליט.
זינג, פאַרזינג דעם האַרבסט, פון אונטערגאַנג דעם צער.

ס׳איז אַיעדער טאָג דייַנער געשענקט — נישט מאַך אים טריב.
גיי נישט צווישן קברים, אויף בית־עולם־גראָז.
פריי זיך... ס׳איז, בן־אָדם, לעצטע גאָב נאָך מערער ליב —
איידער דעם בעל־דברים האָרן טוט אַ בלאָז — —

טאַנדיל, פעבר׳ 1962

## גרין און בלוי...

גרין און בלוי און בלוי און גרין —
דאַרף דאָס ז ײַ ן קיין בעסער זין.

רויש פון ים, אַ כוואַליעס־שפּיל —
דאָס אַליין איז אויך אַ ציל.

וועל נאָך וועל, אַ שוים־געיעג —
גלײַך ווי דײַנע נעכט און טעג.

יאָגט זיך אויך אַזוי דײַן ז ײַ ן —
כוואַליע־אויס און כוואַליע־איין.

יאָגט זיך פרייד און יאָגט זיך פּײַן —
חדווה־אויס און טרויער־איין.

טרויער־איין און טרויער־אויס...
ביז דאָס מעשהלע איז אויס...

נעקאָטשעאַ, יאַנ׳ 1956

## וואָס ליכטיקער . . .

וואָס ליכטיקער צעפֿרילינגט איז די וועלט,
וואָס פֿרישער, דופּטיקער צעבלומט די בלום,
וואָס תּכלתדיקער הימל איז צעבלויט,
וואָס מונטערער דער פֿויגל איז צעטרעלט,
וואָס זינגעוודיקער איז דער בין־געזשום,
וואָס פֿאַרביקער די שקיעה אין איר רויט, —

אַלץ אומעטיקער איז מיין האַרבסט אין מיר,
אַלץ גרויער, שאָטנדיקער מײַן פֿאַרנאַכט,
אַלץ וואָלקנדיקער, טריבער מיינע טעג...
בײַם סטאַוו שוין גאָל צעלייגט איז דער אַייר;
די זון איז ווי אַן אויג, וואָס ווערט פֿאַרמאַכט;
די פֿייגל ציִען מחנותווייז אַוועק...

וואָס בונטער ס'איז דער אויפֿגאַנג, דער באַגין, —
אַלץ שוואַרצער דער פֿאַרגיי און זיין גזר־דין — — — —

ב׳־איירעס, אָקטאָבער 1959

## וועסט נאָך קומען...

וועסט נאָך קומען צו מיר ווי אַ חלום —
אַזוי ווי אין פֿרילינג אַמאָל.
און כ׳וועל דעמאָלט פֿאַרזינגען מײַן טרויער,
וואָס כ׳טראָג פֿונעם מאַסנטוויט־טאָל...

וועסט אַ בלענד טאָן מיט בלוי פֿון די אויגן,
מיט ליבשאַפֿט פֿאַרשיכורן מיך.
כ׳וועל פֿאַרגעסן דאָס אַש פֿון די שלייפֿן —
כ׳וועל זען און כ׳וועל פֿילן נאָר דיך

קאָנסט דעם נס און דעם כּישוף באַווייזן,
קאָנסט ברענגען צוריק יענע טעג.
וועסט נאָך קומען צו מיר ווי אַ חלום —
מעג זײַן עס ביים סוף פֿונעם וועג — — —

ב״אײרעס, 1961

## יאָר־איין, יאָר־אויס...

ס'ברענגט פרילינג מיר די אַלטע בענקשאַפט,
דעם פלאַטער פון אַמאָל;
דעם רויש פון דעם צעיאָגטן טייכל
אין ברייט־צעגרינטן טאָל.

יאָר־איין, יאָר־אויס אַזוי — דער פרילינג
מיך יאָגט אַרויס אין פעלד.
איך בלאָנקע איבער וועגן־שטעגן
און זוך אַרום מיין וועלט.

זי איז מיר ערגעץ אויסגערונען
אין נע־ונדן־גאַנג.
געבליבן מיר נאָר שאָטנס, שאָטנס,
נאָר מרויער אין געזאַנג.

ס'ברענגט פרילינג מיר דעם אַלטן אומרו,
ווען ס'נייגט שוין זון אַראָפּ...
כ'זע נייעם אויפבלי... נאָר ס'ווערט ווייסער
דאָס אַש וואָס אויף מיין קאָפּ — — — —

ב'־איירעס, אָקטאָבער 1961

## ווי אַ גוטע מאַמע...

אָ, נאַר מיך, בלענד מיך ווידער, פרילינג,
אָן נאַרערייַ ווי שווער!
ווען דו פאַרוויגסט מיט בלויען כּישוף —
אַ פּערל ווערט די טרער...

פאַרשיט מיט דיינע רויטע רויזן,
מיט דופטיק־ווייסן צווייט;
און לאָז דיין פייגל־כאָר פאַרזינגען
מיין טרויעריק געמיט...

אָ, פרילינג, ברענג מיך, פיר מיך ווידער
אין די בראשית־טעג...
פאַרוויג מיך ווי אַ גוטע מאַמע,
ווען ס'ווינקט דער שוואַרצער ברעג — — — —

ב״איירעס, דעצעמבער 1961

## ווען די בלויקייטן לייגן . . .

גיי וואָס ווייטער און קלעטער. שטייַג העכער.
צום שפּיץ פונעם באַרג איז נאָך ווייט.
טיף אין טאָל ווערן קלענער די דעכער.
די פאַרגעס אינעם שטייַגן אָן צייַט.

ווענד די אויגן צו בלויקייט, צום אויבן,
און נישט שענק מער צום נידער דייַן בליק.
ווייס, דאָס שטייַגן גיט פליגל, גיט גלייבן;
ווייס, דאָס שטייַגן גיט חדווה און גליק.

ווי אַן אָדלער אין שטייַגן וועסט ווערן,
מיט די רחבות'ן בלויע באַנאַנד.
מיטן האַרץ צו דער זון און צו שטערן,
און געשטרעקט צו דעם הימל די האַנט.

באַרג־אַרויף איז אַ חלום אַ בלויער,
באַרג־אַרויף איז אַ מעשהלע שיין.
עס פאַרגעסט זיך די ערד מיט איר טרויער,
עס פאַרגעסט זיך דער צער פון פאַרגיין — — —

כאָטש פון שפּיץ — אויב דו גרייכסט — קאָן דיך פירן
נאָר דער וועג באַרג־אַראָפּ, נאָר צו ערד;
כאָטש וועסט דעמאָלט דעם חלום פאַרלירן,
נאָר פיר איילן סוף־סוף דיר באַשערט... —

דאָך איז גוט נאָר אַלץ העכער צו שטייַגן,
צו פאַרשווינדן  ד ע ר וו ײַ ל  כאָטש אין בלוי;
עס איז גוט ווען די בלויקייטן לייַגן —
שיין צו לעבן און שטאַרבן אַזוי — — — —

ב״־איירעס, דעצעמבער 1960

# דער לוח

עס שווינדן טעג ווי בלעטלעך פון אַ לוח —
מען רייסט זיי אָפּ, מען וואַרפֿט זיי אויף דער גאַס.
פֿאַר וואָס זשע אַזוי שנעל? פֿירסט אַ וויכּוח
מיט בורא עולם פֿאַר זיין לעבנסשפּאַס...

דו רײַסט די בלעטלעך מיט נשמה־פּלאַטער,
ס'ווערט דינער אַלץ דער לוח אויף דער וואַנט.
אָט נאָך אַ בלעטל... — ווערסט אין ציילן מאַטער,
און שוואַרצע שאָטנס הילן דעם פֿאַרשטאַנד...

עס שווינדן טעג ווי בלעטלעך פון אַ לוח,
און וויפֿל נאָך געבליבן ביזן סוף?...
אַלץ גייט אַ ה י ן... געטריבן פון אַ רוח,
עס גייט אַ ה י ן די בידנע סטאַדע שאָף — — — —

ב'־איירעס, דעצעמבער 1961

## רייד זיך איין...

רייד זיך איין, אַז ס'איז איצטער דער אָנהייב,
אַז ס'הויבט זיך דיין פרילינג ערשט אָן;
און פאַר דיר האָט דער הימל צעבלויט זיך,
אין רויטן צעפורפורט דער מאָן.

רייד זיך איין, אַז די וועגן, די שטעגן
פאַר דיר שטייען אָפן אַצינד;
אַז אַ טראָג טאָן וועט דיך נאָך אין בלויקייט,
ווי זעגלען געטריבן פון ווינט.

אַז עס וואַרט אַ פאַרכישופטער שלאָס ווו
אויף ברעג פון אַ שטורמישן ים,
און אין שלאָס אַ פאַרבענקטע בת־מלכה
מיט ליבשאַפט, מיט לויטערן פלאַם... —

רייד זיך איין... זע אַנטלויף פון דער טריבשאַפט,
פון גרויע, פאַרכמאַרעטע טעג.
דו פאַרשלייער דיין האַרבסט אין אַ חלום,
אין פורפור — דעם סוף פונעם וועג — — — —

# אין קאַראַהאָד

פליִען אין קאַראַהאָד לאָנקעס און פעלדער,
דרייען זיך בערג אין אַ פריילעכן טאַנץ;
טאַנצן אויך מיט די צעפּאַליעטע וועלדער,
שלענגלט אַ טייך זיך מיט זילבערנעם גלאַנץ.

לויפן אָן דערפער און שטעט פון אַנטקעגן —
רויטע די דעכער און ווייסע די ווענט;
העלע שאָסייען און דאָרפישע וועגן
ציִען זיך, ציִען ווי שטרעקנדע הענט.

אָט איז אַ כאַטקע באַהאַלטן אין ביימער.
פאָרנט אַ גערטל מיט רויזן אַ ים.
פליסט דאָ אַ לעבן אין גרינקייט געהיימער.
כישופט מיט ליבשאַפט אַ פרוי מן הסתם.

טראָגט זיך דער צוג אין די ווייטן און ברייטן.
עפנט זיך וועלט און איר שיינקייט אַנטפלעקט.
ציט דיך און לאָקט דיך אין הפקר צעשפרייטן.
בלויקייטן. גרינקייטן. רייצט דיך און וועקט.

דאַרפסטו נישט שטאָט און דו דאַרפסט מער נישט קיינעם.
ליב די מנוחה אין מלכות פון פאַן.
פרייען זיך, זינגען מיט פייגל אין איינעם.
דוכט, נאָר אין שטילקייט אַ זין איז פאַראַן.

פליִען אָן פעלזן אין שניי ווי עטרות.
צערטלען זיי וואָלקנס ווי העל־בלויער רויך.
ווייזט זיך אין טאָל גאָר אַ גריין בית־הקברות, —
ווייזט ער דעם סוף פונעם שטייגן אין הויך — — — —

אין וועג זשענעוו־פלאָרענץ

יולי 1960

## דער זומער שטאַרבט בנשיקה...

ס'גייט לאַנגזאַם, לאַנגזאַם אוים דער זומער, שטאַרבט בנשיקה,
שטאַרבט אונטער זונס אַ צערטלעכקייט, אַ מילדן שטראַל.
און ווינטלעך אים באַזיפצן, צווייגן זאָגן ווידוי
אין שטילן אומעטיקן שאָרך פון בלעטערפאַל.

אויף וואַלד־שטעגן עס וואַלגערט זיך דאָס גאָלד פון זומער,
גלייך ווי צעווישן קברים טרעטן דיינע טריט.
אָט מחנות קראָען ציִען — שוואַרצע תהילים־זאָגער.
בנשיקה שטאַרבט די שיינקייט, וואָס שוין אָפּגעבליט.

אין לערקייט שפּאַנט אַרום דער טויט, די מרה־שחורה.
די נאַכט מיט כמאַרעס קומט. אַ רעגן אַלץ באַטרערט.
דער סוף? — — אין טיף פון ערד די וואָרצלען וואַרעם גלויבן:
אַ נייַער בראשית איז נאָך אַלטער ערד באַשערט — —

טאַנדיל, פעבר' 1962

## כ׳וויל דעם זונפֿאַרגאַנג...

כ׳האָב פֿאַרלאַנגזאַמט מײַנע שעהען,
כ׳האָב פֿאַרלאַנגזאַמט מײַנע טריט.
כ׳בלאָנקע אונטער הימל בלויען,
צווישן פֿעלדער נאָכן שניט.

כ׳וויל דעם זונפֿאַרגאַנג פֿאַרהאַלטן,
לעצטן כּישוף, לעצטע פּראַכט.
כ׳מײַד דעם שטעג צו קבֿר קאַלטן,
צו דער אייביק־בלינדער נאַכט.

פֿיל חשבונות נישט פֿאַרענדיקט
דאָ און דאָרטן מיט דער וועלט.
נישט באַוויזן, נישט פֿאַרשטענדיקט.
קיין מאָל שטימט נישט. עפּעס פֿעלט.

נישט דערזאָגט נאָך, נישט דערזונגען,
נישט פֿאַרענדיקט נאָך דאָס ליד.
שענסטער קלאַנג נאָך נישט צעקלונגען,
העלסטער פֿלאַם נאָך נישט צעגליט.

מוז איך לאַנגזאַמער איצט שפּאַנען,
דוחה זײַן דעם קץ, דעם סוף.
מײַד איך גרענעצן... ביז וואַנען?...
צײַט נאָך דאָ צום לאַנגן שלאָף — — — —

ב״אײַרעס, 1961

## כ׳קום אַלע מאָל...

כ׳קום אַלע מאָל צום האַפן
און קוק פאַרבענקט זיך צו:
עס גייען אָפּעט שיפן
אין בלויען ערגעץ־ווו.

מיך האָט אַ שיף געבראַכט דאָ
אויך פון דעם ווייטן בלוי:
פאַרגעסן מיך צו נעמען,
געלאָזט מיך דאָ אַזוי.

געלאָזט מיך מיט מיין טרויער
אויף ווייטן, פרעמדן ברעג.
איז קום איך צו דעם האַפן
אין מיינע טריבע טעג.

איך וואַרט, דערוואַרט מיין שיף אַליך, —
וועט זי נאָך קומען ווען?
„ס׳איז קיין צוריק נישטאָ מער
פאַר אַלץ, וואָס איז געווען״... —

דאָס פליסטערט מיר אַ דעמאָן
און לאַכט און לאַכט אַזוי.
און שיפן קומען, גייען
אין ווייטן, ווייטן בלוי...

בעקאָטשעאַ, יאַנואַר 1956

# פון די ימישע ווייטן

פון די ימישע ווייטן פון בלויע
שווימען היימישע שטעט צו מיין ברעג.
קומען איינציקווייז אַלע מיט גרוסן
פון פאַרשווונדענע יאָרן און טעג.

קומען אַלע צו גאַסט און זיי פרעגן:
— „האָסט דיין רו כאַטש דערגרייכט דורך דער צייט?
„האָסט פאַרלאָזן אונדז, היימישע ברעגעס, —
„וואָס זשע האָסטו געפונען אין ווייט?

„זע, דיין קאָפּ ווערט שוין גרוי, פון די אויגן
„קוקט אַ טרויער אַרויס אַזוי טיף״ — — —
יעדע שטאָט, יעדע שטאָט פונעם עבר
שווימט פאַר מיר אויף אַזוי ווי אַ שיף.

און איך ווייס נישט וואָס זאָל איך זיי זאָגן
פונעם עבר די היימישע געסט.
אַז אין וואַנדער מיין לעבן צעטרענצלט,
אויף די ווינטן געבליבן מיין נעסט.

אַז כ׳האָב סיי ווי סיי גאָרנישט געפונען
אין די פרעמדן די ווייטע פון וועלט.
נאָר די הימלען די פרעמדע, די ימים
ווייען אָן אויף מיר טרויער און קעלט.

אַז דער אומרו דער אַלטער מיך יאָגט נאָך,
גלייך דער וואַגל איז מיר נאָר באַשערט.
אַז איך ווייס: כ׳וועל שוין קיין מאָל געפינען
די פאַרלוירענע רו אויף דער ערד — — —

נעקאָטשעאַ, יאַנואַר 1956

## דער דופט פֿון גראָז...

דער דופט פון גראָז געקאָסיעטן האָט אויפגעבראַכט אין מיר
די לאָנקע היימישע, וואָס פּאַזע ביי דעם וועג.
אַ האַנט געהיימע אויפגעמאַכט האָט פון אַ מ אָ ל די טיר,
געבראַכט מיך ווידער צו דעם אָ נ ה יי ב פון די טעג.

אין מיט פון דיינע יאָרן — שטורעמס... חורבות... אַש און בלוט...
אַ מבול האָט פאַרפליצט דיין גאַנצע ליבע וועלט.
נון אין דיין הארבסט — נאָר נע־ונד. האָסט רעכט נאָך נישט גערוט.
האָסט אַלץ קיין רויִק ווינקל נישט פאַר דיין געצעלט.

כ'לויף תמיד פון דער שטאָט, זוך ווינקלען איינזאַמע אַרום.
אַ פעלד. אַ בוים. אַ טייכל. ווייט פון שטאָט און מענטש.
אַז ס'פרעסט מיך אויף די קאַלטע פרעמדקייט ווו איך גיי און קום.
אָ דופט פון גראָז! כ'פיל היים... גלוסט תפילה טאָן און כ'בענטש...

ב'־איירעס, 1956

# אויף אַרגענטינער ערד

## א. פרילינג אין בוענאָס־איירעס

מיט יעדן טאָג אַלץ גרינער, זוניקער די גאַסן.
מיט פרישן טוי פון נאַכט די ביימער וואַכן אויף.
גלייך ווי טונעלן גרינע לאָקן אַוועניד־אַס,
זיי ציִען זיך אַוועק אָן אָנהייב און אָן סוף.

דאָ־דאָרט פון אַ משאַלעט דערהייבן שטאָלצע זיך ציפּרעסן,
מיט לאַנגע שפּיצן רייסן זיך צו הימלס בלוי.
און אָט אַ גאָרטן מיט אַ שורה הויכע פּאַלמעס,
מיט לאַנגע בויגן־בלעטער רחבותדיק אַזוי.

אויף פּלאַסאַ דע קאָנגרעסאָ פול איז היינט מיט קינדער,
מיט פרילינג אין די אייגעלעך, צעלאַכט, צעשטיפט.
און מחנות טויבן בלאָנקע, אַזוי צוגעלאָזט צו מענטשן.
פון דעם פאָנטאַן אַ זילבער־רעגן טריפט און טריפט.

און אויף די סקווערן־בענק עס דרימלען זקנים, זקנות,
צעוואָרעמטע פון מילדער פרילינג־זונס אַ שטראַל.
דערמאָנען זיי די טעג פאַרשוועבטע און די יאָרן:
געווען אַמאָל... אַ רוישנדיקער מאַסקן־באַל — — —

ב״־איירעס, אָקטאָבער 1961

## ב. לאַוואַזשע אין „צענטער"

אויף שמאָלער לאַוואַזשע, אין „צענטער",
די נאַכט אַזוי בונט, אַזוי העל.
עס בלענדן נעאָניקע פלאַמען,
קאָלירן פאַרפלייצן אַלץ גרעל.

די מאַסע, זי שווימט ווי אַ לאַווע, —
אַ פנימער־ספינקס: פרוי און מאַן.
די קינאָמאַסקאָפן, זיי לאָקן,
צו וווּנדער אויף ווייסן עקראַן.

זוכט שטאָטישער מענטש אויסגעבענקטער
די וווּנדער, וואָס דאָ ביי דער זייט.
ער גאַרט נאָך אַ ביסעלע חלום,
וואָס זאָל אים פאַרטראָגן העט ווייט.

וואָס ווייטער פון שטאָט און איר לאַנגווייל,
עס גלוסט אים אין ווייטן אַוועק, —
ווו אַנדערש און שענער די ליבשאַפט;
ווו אַנדערש און שענער די טעג.

ווו לאַנדשאַפטן שפרייטן זיך פרייע
פון בערג און פון טאָלן אין גרין;
ווו מענטש ווערט פאַרוועבט אין דער שיינקייט,
אין זוניק, אין גאָלדיק געשפין — — — —

אויף שמאָלער לאַוואַזשע, אין „צענטער",
די נאַכט אַזוי שיין, אַזוי העל... —
ווען אַנדערע הונדערטער גאַסן
נאָר חושך זיי ברענגען אין זעל...

ב״־איירעס, אויגוסט 1958

פוסטקייטן ברייטע און ווייטע.
דערנער, פאַרוויאַנעטע גראָז.
לויפט דורך אַ מאָל איבער שטעגן,
פלינק, אַ דערשראָקענער האָז.

סטאַרטשעט אַ גרופּקע פוןביימער.
צווייגן צעקרימטע, צעשפּרייט.
צווישן די נאַקעטע ביימער
עלנט אַ ראַנטשאָ עס שטייט.

ברעטלעך און בלעכן — די ווענטלעך.
טירל אויף שטריקלעך זיך האַלט.
קינדער אין לאַכעס דערנעבן.
שווידערן. פייכט איז און קאַלט.

שטייט אַ טשאַלעט אויך בשכנות.
בלאַנקט ער און רייצט מיט זיין פּראַכט.
קיינער נישטאָ דאָ. פאַרשלאָסן.
טירן און לאָדנס פאַרמאַכט.

ס'איז נאָר פאַר פרילינג, פאַר זומער.
איצטער אין שטאָט זוכט מען פרייד.
קוקט ער און רייצט זיך מיט ראַנטשאָ,
וואָס אין דער שכנות דאָ שטייט.

גלוסט זיך די וואָלקנס צו וויינען,
גיסט עס אויף פוסטקייט פון זיי.
נאַקעטער עלנט. דער הימל
הילט נישט אין ווייסקייט, אין שניי.

שניי וואָלט פֿאַרבלענדט נאָר מיט ווייסקייט:
ראַנטשאָ אַזוי ווי טשאַלעט;
דערנער און נאַקעטע צווייגן,
גלייך ווי ס'געביין פֿון סקעלעט.

ב״איירעס, 1958

### ד. די ערד פאַרוואָרלאָזטע

די אַרגענטינער ערד פאַרוואָרלאָזטע, אַ ווילד־פאַרוואָקסענע
מיט דערנער און מיט שטעכלקעס, מיט ווילדן, דאַרן גראָז.
עס שפּרייטן זיך די וויסטענישן אין דער ווייטער ווייטעניש,
באַלעבט פון אַ מאָסקיטן־שאַר, פון אַ צעיאָגטן האָז.

מדבריותן אָן אָנהייב און אָן־סופיקע, פאַרטריקנטע,
שטום ליגן אונטער אַ צעשרפהטער, צעגליטער זון.
און ווי־נישט־ווו פאַרצווימונגען פון פלאַכקייטן פון הפקרע:
פון אָקסן אייך־קאָלירקע אַ ריזיקער טאָבון.

קיין פאַסטעך און קיין פאַסטעך־ליד. עס קריכן אום די טשערעדעס
אַליין, גלייך ווי אויף אייגענעם און הפקרן באַראָט.
פון מאָל צו מאָל דערמאָנט זיך ווער און עפּנט די פאַרצווימעניש
און פירט אַ טייל באַשעפענישן פאַר דער יאַטקע־שטאָט.

די שטעט, צעבלאָנקטע און צעווייסלטע, אין די מדבריותן —
גלייך ווי אָפּזיסן דאָ־דאָרט אויף טרוקן־וויסטער ערד.
און הינטער שטעט צעוואָרפענע — באַלד ווידער די מדבריותן,
מיט גראָזן אויסגעטריקנטע, פון היצן אויסגעצערט.

און אָט אַ דאָרף — אַ ראַנטשאָס־דאָרף. אַ נעסט פון סאַמער
אָרעמשאַפט.

עס וואַלגערן זיך קינדערלעך האַלב־נאַקעטע, אין קויט.
קדמונים־צייט נאָך פינצטערע. פאַרזונקענע די ברואים דאָ
אין פלאָגעניש, אין ראַנגלעניש. בן־בית איז דער טויט...

די אַרגענטינער ערד פאַראָרעמטע, פאַרעלנטע, פאַרלאָזענע —
זי בענקט אין אירע טיפענישן נאָך אַן אַקערס שניט.
זי בענקט נאָך שטאָלצן, פולן זאַנג, נאָך גראָז צעדופטיקטן,
נאָך תבואה־גאַרבן גאָלדענע און נאָך אַ שניטערס ליד...

קאָסטעלאַר, פעברואַר 1959

## ה. אין הייסן טאָג

מיט שווערקייט בלײַערנער איז אָנגעפּילט דער חלל,
מיט פײַער אָטעמען די נידעריקע הימלען.
די ווײַסע קאַקטוס־בלום פאַרחלשט שרומפּט זיך אײַנעט.
אין שאָטן פון אַ פאַרקאַן הינט צעלייגטע דרימלען.

קיין ציטער נישט, קיין ווייע פון קיין ווינטל.
קיין וויג זיך פון קיין צווײַגל, פון קיין שטילן גרעזל.
די ברייטע פּאַמפּאַ אויסגעשפּרייט ווי גרויער מדבר.
אַ טויטע וועלט. ס'לויפט דורך נאָר ווי געשווינט אַ העזל.

פון לעכצעניש די גראָזן דאַר און אויסגעסאָכניעט,
די וויסטע דערנער אינעם הפקר סטאַרטשען מידע.
אַליך לעכצט נאָך רעגן, לעכצט נאָך קילע, פרישע טראָפּנס
וואָס זאָלן אָפּלעשן די גאַנצע ערד צעגליטע.

באַהאַלטן ליגן קלוגע בעלי־חי — די מענטשן —
און זוכן קילקייט ווי אין טונקעלע חדרים.
אַליך לעכצט נאָך רעגן, לעכצט נאָך היילנדיקן שטורעם,
וואָס קומט מיט בליץ און רעש, מיט דונערדיקן שברים.

ב״־איירעס, יאַנואַר 1960

ו. פליענדיקע לוויות

וואָס פליִען אַזוי די לוויות און יאָגן?
ס'אַן איילן גאַס־איַין און גאַס־אויס.
נאָר קאָטשן געציילטע מיט אבלשן קלאָגן
נאָך איטלעכן ארון פאָרויס.

אַרונות זיך טרינקען אין בלומען, אין קראַנצן,
באַהויכטע מיט טרויער און צער.
איז וואָס זשע, אַז קאָטשן־לוויה טוט גלאַנצן? —
ביים ס ו ף בלייבט בן־אדם דער נאַר.

ביים ס ו ף, ווען מען ליגט שוין אין קאַסטן פאַרריגלט,
מיט אַלע חלומות דערין...
אַלצאיינס, צי דו לאָזסט אַ טשאַלעט, וואָס עס שפּיגלט;
צי ראַנטשאָ, וואָס זשאַווערדיק־גרין...

וואָס פליִען אַזוי די לוויות און יאָגן?
וואָס איז דאָ אַזוי דאָס געאייל? —
אויב „ער" איז אין אייביקייט שטום שוין פאַרטראָגן —
זאָל שטאָט „אים" כאָטש זען נאָך אַ ווייַל.

און זאָלן „אים" שטערבלעכע שענקען באַדויער,
צום לעצטן מאָל, כאָטש אַ מינוט.
און זאָל „אים" באַגלייטן די רגע פון טרויער
ביז קברשער נאַכט, ווו מען רוט...

צי וויל עס דאָס לעבן אָן טויט גלייך פאַרגעסן —
אַזוי ווי גאָר קיין מאָל געווען? —
סיי־ווי די לוויות דאַך אַלע מעת־לעתן,
כסדר עגלות צו זען...

עס פליִען לוויות דורך די אַוועניִדאַס, —
טאַבלאַדאַ *) איז גרויס און איז ברייט.
עס גלאַנצן די קאָטשן, עס גלאַנצן די מיטהס
אין בלומען, וואָס ברענגען קיין פרייד — — —

ב״־איירעס, יולי 1956

*) אַ יידישער בית־עולם.

ז. סעמענטעריאָ

די אַלע טויערן אויף טשאַקאַריטאַ *) זײַנען אָפן —
די טרויער־קאַראַוואַנען קומען אָן פון אַלע זייטן.
די שטאָט איז גרויס — מען שטאַרבט אויף מזרח, מערב, דרום, צפון.
אַלץ קומט אַהער, אַלץ קומט אַהער פון נאָנטן און פון ווײַטן.

אין סעמענטעריאָ ציִען לאַנגע גאַסן זיך, אַלייען.
פּאַלאַצלעך — מיניאַטורן, פּענצטערלאַזע. אַלע סטילן.
די זומערס און די ווינטערס אינעם שווייגן דאָ פאַרגייען.
די טויטע נעכט מיט זייער בלינדער שוואַרצקייט אַלץ פאַרהילן.

ביי טאָג נאָר קומען תמיד אָן די שוואַרצע קאַראַוואַנען.
די שטומקייט אייביקע דאַן פון געוויינען ווערט צעריסן.
אויף פרישע בערגלעך לאָזן פרויען איבער טויליפּאַנען,
באַטויט מיט הייסע טרערן, וואָס פון אויגן־קוואַלן פליסן.

שפּינט צייט, די גרויע צייט אַזוי חדשים דאָ און יאָרן
אַריבער שטויב פון לעבנס און חלומות, וואָס פאַרפלויגן — —
פון י ע נ ע ר ז ײַ ט רוישט שטאָט. אין ווייך־געבעטע קאָמשן פאָרן
פאַרליבטע... וויפל גליק, אָ וויפל גליק אין אויגן! — —

ב״איירעס, יולי 1956

*) אַ קריסטלעכער בית־עולם.

## ווען ס׳רעדט דער ים...

עס קומען אָן די ברייטע וואַסערן פון די מרחקים,
מיט אָטעם אָקעאַנישן, מיט רעש, געברום;
זיי קומען אָן פון ערדן ווייטע, ברעגעס אומבאַקאַנטע,
פון וועלט, פון לעבן, וואָס צעוואָרפן אומעטום.

ווערט טיפער נאָך די בענקעניש, ווערט הייסער נאָך צעצונדן,
עס לאָקט אין הפקר־וועג, דורך תהום פון אָקעאַן.
ס׳ליגט אפשר ווי אַ לאַנד אַזאַ, ווו ס׳איז נישטאָ קיין עלנט;
ווו פאַר בן־אדם קוואַלן נאָך פון פרייד פאַראַן...

איך הער זיך שעהען־לאַנג אַריין אין רוישן פון די כוואַליעס,
און כ׳הער, דוכט, ווי אַ בת־קול אינעם רויש פון ים:
„די ערד איז אומעטום געווען תמיד אַ גן־עדן,
„דער מענטש נאָר — ק י ן! — האָט אַראָפּגעבראַכט דעם סם.

„דער מענטש — די בני בליעל! — געשאַפן האָבן עס דעם גיהנום
„און אומעטום הענגט קללה איבער שוים פון ערד.
„וואָס מער עס בויט און שאַפט דער מענטש, אַלץ מערער מאַכט ער חרוב,
„דער שעפער איז אַליין דער שטן, וואָס צעשטערט.

„דעריבער, טרוימער, בענק נישט נאָך די לענדער אומבאַקאַנטע —
„די קללה הויערט אומעטום און פינצטערט בלינד.
„ס׳קאָן אומעטום די ערד זיין פאַר בני־אדם אַ גן־עדן —
„ווען קין וועט דערפילן טיף זיין שווערע זינד.

„דעריבער, מענטש, נישטאָ אויף ערד גאָר אַזאַ גליקלעך ווינקל,
„וואָס פריי זאָל זיין פון עלנט, פריי זיין פון געוויין...
„ס׳איז אומעטום די טיפסטע פרייד געמישט מיט גאַל און טרערן
„און טרויער טריפט, ווו, דוכט, ס׳איז פאַרביק־העל און שיין" — — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, יאַנואַר 1960

## מאָנטעווידעאָ

געבערגלטע גאַסן און געסלעך,
זיי פֿליִען אַראָפּ צו דעם ים:
אַספּאַלטיק צעגלאַנצט און באַביימערט,
ביז ראַמבלאַ — האַלב־קרײַזיקע ראַם.

לאַ פּלאַטאַ פֿאַלט צו מיט די כוואַליעס
צו ברעגעס פֿון שטיין און גראַניט.
בײַ טאָג און בײַ נאַכט רוישט דער ניגון,
רוישט אייביק דאָס ברויזיקע ליד.

עס קוקן פֿון הייכקייטן טורעמס
צו וואַסערדיק־רחבֿותן ווײַט.
קוקט רונדיקער סיעררא־באַרג רויִק,
דער עדות דער שטומער פֿון צײַט.

קוקט־צו זיך צו מענטשעלעך אונטן,
וואָס ראָיען אויף פּלאַסאַס דאָ־דאָרט.
די געסלעך צוזאַמענגעפּלאָכטן
און לייזן זיך אויף בײַ דעם פּאָרט, —

וווּ שיפֿן עס קומען און גייען,
זיי קומען מיט ווינט און מיט רויך;
דער סיעררא־באַרג שיקט זיי אַנטקעגן
די גרוסן די שטומע פֿון הויך.

אַרטיגאַס מיט שטאָלץ אויף זײַן בראָנדז־פֿערד,
צעווישן די פּאַלמעס אין סקווער,
באַוואַכט דאָ פֿון פֿאָלק זײַנס די פֿרײַהייט, —
ברענגט פֿאָלק אים פֿיל בלומען אַהער.

אין נעכט שעמערירן נעאָנען,
בולוואַרן אין מענטשישן שטראָם.
מען זעט אויך אויף געסעלעך שמאָלע,
אויף ראָגעס די פרויען פון תהום.

אַרום אַזאַ גלאַנץ, אַזאַ רײַכקייט —
פאַר וואָס זשע דער האַנדל מיט גוף?
די פרויען די ווײַסע, די שוואַרצע,
זיי שיקן מיט בליקן דעם רוף.

מאָנטעווידעאָ, מיי 1956

## אַ באַגעגעניש אין פּאַריז

דיין קאָפּ שוין אַשיק־גרוי, דאָך דיין געזיכט נאָך יונג.
די אויגן היטן נאָך דאָס פייער פון אַמאָל.
דו האָסט נאָך ליב אַוודאי טאָן אַ טאַנץ, אַ זונג.
כ׳געדענק נאָך גוט דעם זיסן טעמבר פון דיין קול.

כ׳געדענק אויך די ציגיינערשע ראָמאַנסן נאָך,
מיט וואָס פלעגסט תמיד צוציִען אַזוי צו זיך.
מיט דיר פאַרגעסן פלעגן אַלע גרויע וואָך.
געוועז אַ צייט, ווען אויך געפאַנגען האָסטו מיך.

איצט ליגט שוין הינטער אונדז כמעט אַן אייביקייט.
ס׳ליגט חורבן... אַש און קברים... וואָגל... טריבע וואָר...
ביסט בראַוו, האָסט אָפּגעהיט אַ פונק פון גלוּביקייט, —
כאָטש ביסט דאָך אויך אַ קרבן פון די ווּיסטע יאָר.

איז גוט אַזוי דערמאָנען זיך מיט דיר אינטים,
אויף מאָנפּאַרנאַס, ביים וויַין, אין רוּשיקן קאַפיי.
אָרקעסטער שפּילט. פאַרציסט אַ ניגון. ס׳גלעט דייַן שטים.
נאָך יונג... איך זע דיך ווי אַמאָל אין וואַלס־געדריי...

דוכט, ווידער יונג — סיי דו, סיי איך... און וואָס געווען —
אַ וויסטער חלום נאָר, אַ פינצטערער קאָשמאַר...
זינג, זינג, מייַן פריינד, איך שווער, ס׳איז גאָרניט נישט געשען...
פאַרצי ציגייַנעריש, צי עפּעס פון „קאָבזאַר"...

מייַן פרייַנד, האָסט ווידער צוגעוואָרפן מיר אַ פונק.
און גלויב, ס׳גלוסט אָנהייבן פון בראשית אין קאַפיי —
ווי דאַן, ווען ביידע אַזוי שטיפעריש און יונג;
ווי דאַן, ווען אויבן קאָפּ קיין שפּור פון אַש און שניי — —

## די פרעמדע שטעט

די פרעמדע שטעט מיט קאַלטן אומעט אויף מיר ווייען,
די ווייסע קלויסטערס זיינען אַזוי פּיינטלעך־פרעמד.
המונים בעטער קניענדיקע אין די רייען
פאַר יענעם ייִד געקרייציקטן אין בלויזן העמד.

מיט וויירעך אָנגעזאַפּט, המונים פרומע זענען
נישט איין מאָל שוין אַרויס מיט לאַנגע מעסערס, העק;
אין מערק, אויף שייטערס, פלעגט מען ברידער מיינע ברענען,
מיט „שמע ישראל" זיינען זיי אין פלאַם אַוועק.

די פרעמדע שטעט... בחינם זוכן מיינע אויגן
אַ מקום קדוש פאַר אַ ייִדס אַ תפילה, טרער.
און, דוכט, דער נאַזאַרעטער ייִד וואָלט אויך געפלויגן
פון קרייץ... אויך אים אין דערנער־קרוין ווערט ענג און שווער.

אַז אין זיין נאָמען שעכט מען זיינע אַלטע ברידער;
אַז אין זיין נאָמען פליצט דער מבול ייִדיש בלוט...
און אפשר ווי אַ ייִד צו ייִדן ציט אים ווידער
און ר'טרוימט פון טעג, ווען ציגעלע מיט לעמפערט רוט?

די פרעמדע שטעט מיט אומהיימלעכקייט דריקן, שטיקן,
די ווייסע קלויסטערס סטאַרטשען תקיפותדיק און גרויס.
אַז נאָענט אַן אָרעם שולכל ס'איז פאַר מיינע בליקן,
דער עמוד, „שויתי" אינעם שאָטן פון גאָטס הויז.

אַז נאָענט די לוחות, כתר, אָרון און פרוכת,
די קדושה צווישן יענע שטילע, פרומע ווענט,
און דודס תהילים, פון יום־כיפור־ליכט די ריחות —
דאָרט האָט מען קיינעם נאָך אויף שייטערס נישט געברענט — — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1962

## ווי האַס איך דיך, וואַלד . . .

(פון ציקל: „אין ווייטן צפון”)

ווי האַס איך דיך, וואַלד... ביסט געווען מיר אַמאָל
פאַר שאָטן, פאַר ליבע, פאַר רו,
פאַר שטילער מחשבה, פאַר געטלעכן קול... —
אַן אַנדערער איצטער ביסטו...

אַן אַנדערער דאָ... ס'איז די טייַגע אָן ברעג,
ווי יאָך אויף נשמה און גוף.
איך קום נישט געאָרעמט מיט פרוי... גרילן פון זעג
פאַרבייַט אויך דעם געטלעכן רוף — —

נישט פייען אין בלוי פון לבנהקע נעכט
עס לאָקן אין וואַלדיקן גרין... —
דאָ לעשן זיך לעבנס, דאָ לעשן זיך קנעכט,
ווי פליגן אין נעץ פון דער שפין — — —

## די רויטע שחיטה

געהייליקט דעם זכר פון די פאַרטיליקטע
יידישע פען־ברידער
אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אין 1952.

אין אָרגיע אין צעווישעטער פון סטאַלינשע טיראַנען
געפאַלן איז אויף קעפ די קאַלטע רוצחים־שווערד.
און זיכער האָט ביים סוף פון די סאָוויעטישע מאַראַנען
אַ „שמע ישראל" נעבן „זיענטל" זיך דערהערט...

געווען אַ פריילעכע כאַליאַסטרע, הערצער פול געזאַנגען,
אין ריי אין פאָדערשטער, מיט פלאַקער און מיט ליד... —
אַזוי זיינען די פען־ברידער פאַרשיכורטע געגאַנגען,
און עמעץ האָט צעזונגען זיך: „איך בין אַ ייִד!"...

און ס'האָט צעצאָרנט זיך אַכזריותדיקע שנאה אַלטע,
וואָס איז פאַרדעקט געווען מיט רויטן פייגנבלאַט.
אַ תהום געעפנט זיך... צעפלייצט אַ לאַווע גיפט אַ קאַלטע...
דער גען באַזונגענער געווען איז גאָר אַ קאַט...

דער סוף דער טרויעריקסטער פון אַן איינגערעדטן גלויבן,
די תשובה זייערע געקומען שוין צו שפּעט.
דער געץ אין רויטער טאָגע האָט מיט שוים די שווערד געהויבן —
אין מיטן ווידוי זייערן און דעם על־חטא...

ווער ס'האָט געקלאַמערט זיך ביז סאַמע סוף אָן יענער טומאה,
אַליך ראַטעווען די בידנע חיי־שעה געוואָלט;
אין בלענדעניש געפּעלשט אין אייגן פאָלק, אין אַלטער אומה —
אַלצאיינס האָט ער אין גרויל מיט נפש אייגענעם באַצאָלט...

ווער ס׳האָט אין צייט דערשפּירט דעם שוידער פונעם גרויסן ליגן,
בצינעה תּפילהדיק פאַרגאָסן טרער נאָך טרער, —
אים האָט אין לעצטן וועג באַגלייט דער דורותדיקער ניגון —
ביז אַ פלוטאָן האָט אָפּגעפּייערט דאָס געווער...

מיר זיינען מוחל זיי, די אַלע פיל־געפּלאָגטע ברידער —
ס׳איז אָפּגעוואַשן זייער זינד מיט זייער בלוט...
און איינער — דער „אַפּאָלאָ" מיט די אויפגעברויזטע לידער —
אַ שפּיַי געטאָן מיט האַס האָט אויף דער מערדער־רוט...

מיר זיינען זיי מצרף צו דער גרויסער קדושים־אומה,
צו די פאַרפּייניקטע, פאַרגאַזטע זעקס מיליאָן...
פאַרברידערט איז דאָס אַש פון אונטער פוילנס הימלען שטומע
מיט ז י י פון דאָרט, ווו ס׳פלאַטערט כלומרשט רויטע פאָן — — —

ב׳־אײַרעס, דעצ׳ 1961

## זיי גייען אַוועק...

געהייליקט
מייַנע פריצייטיק אַוועקגעגאַנגענע
וואַנדער־חברים.

זיי גייען איינציקווייז אַוועק, די וואַנדער־ברידער,
די שותּפים פונעם גורל און פון וויי.
גלייך ווי געפּלאַצטע סטרונעס, ווי פאַרשטומטע לידער,
און קירצער, קירצער ווערט אַלץ אונדזער ריי...

זיי נעמען־מיט מיט זיך די אַלטע גרוילן, פּייַנען
פון וויסטן נעכטן אין דעם קאַסטן שמאָל...
די עדות — די מקוננים — אַלץ קנאַפּער זייַנען,
ווען איכהם רעכט נישט אויסגעקריצט צומאָל...

ווען ברייטע, ווייסע פאַרמעטן נאָך בלויזע בלייבן,
מגילות נאָך נישט אויסגעקריצט מיט פּען,
ווער וועט פאַר דורות אונדזער גרויסן בראָך פאַרשרייבן —
אָן די, וואָס אינעם גרויסן בראָך געווען? — —

## צו ה. לייוויקן

(צו זיין ווערן אַ בן שבעים)

ווּעסט שפּאַנען נאָך העכער, ווּעסט שפּאַנען נאָך ווייטער
אין גאַנג צו גאולה פון מענטש און פון ייִד.
פון קייטן סיבירער און אַשן טרעבלינקער
געשמידט און געלייטערט דיין וואָרט און דיין ליד.

צו וועלט פון ענויים, צום דנאָ פון יסורים
געבראַכט האָסטו ליכט פון משיחישן פלאַם, —
ווען רוצחישע האַק האָט געשאָכטן דיין אומה,
פאַרגאָסן די ערד האָט אַ בלוטיקער ים.

באַזינגער, מקונן פון קרבן פון שטומען
אין גאַנג צו עקידה אין לעצט־לעצטן וועג;
פאַרדאַמער פון טומאה־מזבחות, פון מולך;
בעל־חלום און טרייסטער אין איובשע טעג.

ווּעסט שפּאַנען נאָך העכער, ווּעסט שפּאַנען נאָך ווייטער —
צוזאַמען מיט פאָלק אין זיין אייביקן גאַנג.
פון געטאָס, טרעבלינקעס ביז ירושלים
צעטראָגט ווי אַ טרייסט זיך פון ליד דיינס דער קלאַנג.

קאַסטעלאַר, פעברואַר 1959

## נביאי־השקר

אָ, מוזעס! אַזוי פיל ביַי אונדז שוין דאָ זאָגערס, נביאי־השקר;
אַזוי פיל פאַרשווועכער פון אָרעמען ייִדישן וואָרט!
אַזוי פיל, וואָס האָבן אַליין גאָר געקרוינט זיך פאַר זינגער,
פאַר וועקער,
צעשפּרייט בכל תפוצות ישראל, אין איטלעכן אָרט.

ס'האָט קיינער נישט קיין מאָל געזאַלבט זיי, קיין ברכה באַוויליקט
צו געבן,
קיין עכטער, קיין הייליקער פלאַם אין זיי קיין מאָל צעברענט;
קיין גאָט נישט געגעבן זיי פליגל אין הייכן און ווייטן צו שוועבן,
זיי האָבן גאָר קיין מאָל דעם סוד פון יצירה געקענט.

דאָך קומען זיי, טומלען אויף אָרעמע ייִדיש־געמאַרקן און פּראַלן,
מיט אויגן פאַרגלאָצטע צבועקיש, מיט פּוסטן געקלאַנג.
אין אָרגיע זיי ממיתן פּערזן, זיי גרילצן אַזוי ווי שאַקאַלן
אויף חורבות, נאָך שרפה, ווו ס'לעבן געשטאָרבן שוין לאַנג...

געפינט זיך המון אויך פאַר זיי — פּונקט אַזוי ווי פאַר עגל פאַרצייַטן;
דער אמתער נביא, בעל־שירה, אין ווינקל פאַרשעמט.
עס גלוסט אים — ווען ס'יובלט די פעלשונג — אַנטלויפן אין מדבר
אין ווייטן;
אַנטלויפן וואָס ווייטער, מיט האַרץ און נשמה פאַרקלעמט.

אָ, אָרעמע ייִדישע אותיות! קרבנות פון גאָטלאָזע שענדער,
קרבנות פון חורבן, צענהרגט און פרעך מאַסאַקרירט! —
עס איז אייער גורל ווי גורל פון ייִד־אהאספער, וואָס פאַרלענדער
עס האָבן נישט־לאַנג ערשט צו ווייטער עקידה געפירט — — —

סאַן קלעמענטע דעל טוזשו, פעבר' 1958

# אין צייט פון אַטאָמען

(צ ײ ט ־ מ אָ ט י װ)

אין צייט פון אַטאָמען נאָך קלענער
געוואָרן דער מענטש אויף דער ערד.
פול חכמה: אַלץ ווייס ער, אַלץ קען ער,
דאָך ס'לעבן זיינס — קנאַפּער אין ווערט.

היינט קאָן מען שוין טויטן מיליאָנען —
איין קנעפּל צו געבן אַ דריק.
די שטעט וועט מען דאַן נישט דערקאָנען —
אַ תוהו ובוהו צוריק.

היינט הערשער קאָן ווערן אַ שעכטער,
היינט פירער קאָן ווערן אַ קאַט.
אויב ר'קאָן נאָר — בלייבט ער דער גערעכטער
און שרייבט אין געשיכטע אַ בלאַט.

ר'קאָן גיין איבער שאַרבנס, דורך תהומען,
פאַריאָכן אַ לאַנד נאָך אַ לאַנד.
מיט כוח פון שדים־אַטאָמען
דערפירן די מענטשהייט צום ראַנד.

אין צייט פון אַטאָמען — דאָס לעבן
פאַרלירט גאָר דעם כישוף און גלאַנץ.
די גאַנצע יצירה קאָן געבן
גאָר פלוצלינג אין תהומען אַ טאַנץ — — — —

ב'־איירעס, 1959

## אין שטערנרוים

אין שטערנרוים, טיף אין דער בלויקייט —
אַן אייביקער שטערן־געיעג.
געיעג ווי פֿון פֿלאַמיקע פֿייגל,
וואָס גרייכן קיין מאָל צו קיין ברעג.

אין בלויקייטן ווייטע און הויכע,
וואָס האָבן קיין אָנהייב, קיין ענד —
אַ שפּיל פֿון די פֿלאַמיקע פֿייגל,
צעווינטיקט, צעלויכטן, צעברענט.

אין קרייזן, עליפּסן צעשניטן
פֿון בלויקייט דער סופּלאָזער ים;
געפֿלי אין דער תהומישער בלויקייט,
עס יאָגט זיך אַ פֿלעמל נאָך פֿלאַם.

די פֿלעמלעך אין מיליאַן־מיליאַסן
צעיאָגט אין דעם אייביקן שפּיל.
זיי שוועבן און קרייזן און בלענדן
און גרייכן נישט קיין מאָל צום ציל.

ווער יאָגט זיי? ווער טרייבט זיי? ווער קרייזט זיי?
וווהין? און פֿון וואַנען? ביז ווען?
אויף איינעם אַ פֿינטל עס האָבן
די ברואים דעם ווונדער דערזען.

אַ פֿינטל צעווישן די פֿייגל —
די פֿלאַמיקע פֿייגל אין בלוי;
אַ פֿינטל, וואָס לאַנג אויסגעלאָשן,
און זשיפּעט פֿון הימלישן טוי.

וואָס נאַשט נאָך דאָס ליכט פון אַ שכן —
אַ ריז פול מיט פייער און בראַנד.
און ס'נעמען די ברואים זיך איבער,
און שטרעקן צום רוים אויס די האַנט.

צוויי־פיסיקע ברואים, פול גלוסטונג,
פאַרריסן פון גאווה די קעפּ.
איעדערער מיינט ־ ר'איז דער עיקר
און רייסט זיך צום אייבערשטן טרעפּ.

און ס'בויען די ברואים אַ טורעם,
אַ בבלשן טורעם העט הויך.
עס גלוסט זיך זיי דראַפּען אַלץ העכער,
אַריבער די וואָלקנס און רויך.

און וואָרעם פאַרגעסט ר'איז נאָר וואָרעם
אויף פינטל פון רוים — אויף דער ע ר ד.
אַ מילבל צעווישן די ריזן,
און אים איז נאָר קריכן באַשערט...

צו קריכן און ווערן פאַרבלאָזן
אַזוי ווי אַ שטויבל אין ווינט;
אַ חוזק אין קרייז פון די שטערן,
אַ געניץ — און שוין ער פאַרשווינדט — — — —

ב'־איירעס, נאָוועמבער 1960

## אַ דין־תורה

איך רוף אַרויס דיך צו אַ משפּט, גאָט,
נאָר כ'וויים נישט ווער ס'זאָל בית־דין צדק זיין;
ווער ס'זאָל אַרויסטראָגן דעם ערלעכן ווערדיקט.
איך וויים, ביסט גרויס און הייליק דיין געבאָט,
הילסט תמיד זיך אין תכלתדיקן שיין,
און דער בן־אדם דיר נאָר שבחים שיקט... —

דאָך איך, דיין קנעכט, אַ משפּט צדק מאָן:
האָסט יאָרן מיר געגעבן אויף דיין ערד —
טאָ זאָג, פאַר וואָס פאַרפינצטערט האָסטו זיי?
דו ביסט געזעסן רויק אויף דיין טראָן,
משחיתים אָנגעשיקט, מיין נעסט צעשטערט,
געוואָרפן מיך אין ווינד־און־ווײ...

איז איצט מיין תביעה על פּי יושר, רעכט:
פאַר אַלע יאָרן פינצטערע באַצאָל;
קויף אויס די עוולות דיינע, גאָט!
צום משפּט רופט אַרויס דיך איצט דיין קנעכט:
די יאָרן פּיַין נישט נעם אַרײַן אין צאָל;
באַווײַז, אַז קאָנסט אויך זײַן אַ גאָט פון גנאָד...

נאָר ווי זשע וועסטו אָפּוואַשן דײַן זינד
לגבי די קרבנות זעקס מיליאָן —
ווען זיי, אויך זיי, דיך קלאָגן אָן?...
דו האָסט דערלאָזט דאָך שעכטן מאַמע, קינד;
דו האָסט דאָך צוגעזען אַלץ פון דײַן טראָן —
און ס'האָט דײַן שטול קיין וואַקל נישט געטאָן — — — —

פּיריאַפּאָליס, מערץ 1961

# כ׳קום ווידער...

כ׳קום ווידער איצט צו דיינע ברעגעס,
צו דער פאַרהייליקט אַלטער ערד.
אויף דיינע הייכקייטן און טאָלן
צו שפּרייַזן איז מיר נאָך באַשערט;

מתייחד זיין זיך מיט דיין שיינקייט,
זיך אָנטרינקען מיט הימלס בלוי;
מיט גרינקייט פון באַלעבטן מדבר
און מיט דער פרישקייט פונעם טוי;

פאַרנעמען דעם געזאַנג פון שניטער
אויף תבואה־פעלדער, וואָס צעשפּרייט.
געזייט מיט בלוט, געזייט מיט טרערן —
איז קומט דאָך שנייַדן איצט מיט פרייד.

אין וועלט פון האַס, אין וועלט פון שנאה —
אַ ליכטיק פּינטעלע אויף דר׳ערד.
איז גלוסט זיך פון דיין ליבשאַפט שעפּן,
דייַן טרייסט־רוף כ׳האָב אין פרעמד דערהערט.

כ׳קום ווידער איצט צו דיינע ברעגעס;
עס גריסט דער כרמל שוין פון וויַיט.
ער ברענגט דעם גרוס פון חדרי־יאָרן,
פון שיינער ליבער חומש־צייַט — — — —

חיפה, אפּריל 1960

# ירושלים

ירושלים! האָסט באַרירט אין מיר די דינסטע סטרונעס
נאָך איידער, איידער כ'האָב געזען דײַן וווּנדער אויף דער וואָר.
איצט גיי איך אַ פֿאַרחלומטער אויף דײַנע שטילע גאַסן,
אַיעדן טאָג מיך וועקט די בלויקייט אויף פֿון דײַן קאַיאָר.

ווי נאָנט מיר דײַנע שטיינער, דײַנע בערגלדיקע געסלעך,
די גרויע בערג די פֿעלדזיקע, וואָס רינגלען דיך אַרום.
פֿון הר־ציון דער מגדל־דוד רעדט צו מיר אַריבער
מיט חומש־שפּראַך רמזימדיק פֿון דורות לאַנג שוין שטום.

איך בלאָנקע אום. מיך ציט, מיך לאָקט אין די הרי־יהודה.
איך זע דאָ איצט באַשײַנפּערלעך, איך זע דאָ דעם  אַ מ אָ ל .
פֿון אָט די הויכקייטן געגידערט האָבן די נביאים
מיט פֿײַערדיקן וואָרט יהוה'ס, מיט זײַן הייליק קול.

אַז אומעטום ווו כ'גיי און שטיי — איך שפּיר די טריט פֿון אָבות,
פֿון זיין געלײַטערט אין געראַנגל פֿאַר דער אייגן ערד.
ויהי... געווען אַמאָל... ס'רעדט אומעטום דער אַלטער עבר,
און מיר איז אויף די וועגן דאָ צו טרעטן איצט באַשערט.

אויך זין און טעכטער הײַנטיקע געגאַנגען אין די שפּורן
פֿון יענע חשמונאים־זין, מיט זעלבן קדושה־פֿלאַם.
אַן עדות די מצבות פֿיל דאָ אויף הר־הזיכרון
פֿון העלדן פֿון געפֿאַלענע פֿאַר  א ר ץ  און פֿאַר  ע ם .

ירושלים, מיי 1960

# אין רחבותן פון וועלט

(פערזן פון אַ נסיעה)

פאַנין.

אָ, וויפל שיינקייטן די האָסט זיך אָנגעזען
אין רחבותן פון רייצנדיקער וועלט.
און וויפל ווינקעלעך, ווו דו ביסט אַלץ געווען,
וואָלסט גערן אויפגעשטעלט דיין שטיל געצעלט.

ישראל! — ס׳קליינע, שיינע לאַנד פון דעם אַמאָל,
מיט ליבשאַפט אין נשמה איינגעקריצט:
די ווייסע שטעט, די גרינקייט פון יזרעאל־טאָל,
כנרת מיט זײַן הימל־בלויקייט בליצט.

ירושלים! — שטאָט פון ווייטער, אַלטער צייט;
שטאָט, וואָס אין תפילות תמיד האָסט דערמאָנט.
די בערג די הייליקע אַרום פון יעדער זייט —
אַלץ דאָ דיין בענקשאַפט וועקט, אַלץ איז דיר נאָנט.

און צפת — די שטילע, פרומע מקובלים־שטאָט,
די געסלעך באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ.
דאָ שלייכן טרוימער אום געאָרעמטע מיט גאָט,
צו הימל גרייכן זיי מיט האַרץ און קאָפּ.

ישובים ביי דעם ים התיכון אויסגעשפּרייט,
פון זון און ים־בלויקייט אַ פאַרבגעפלעכט.
דאָ קאָן אַ האַרץ זיך אָנטרינקען מיט פולער פרייד,
נשמה זיך צעחלומען אין נעכט...

קיבוצים־היימען בײַ די גרענעצן צעזייט —
דער ייִד איז זיגער פון דער האַרטער ערד.
ער אַקערט, זייט — און תמיד איז ער וואַך און גרייט
און קאָן אויך האַלטן — ווען מען דאַרף — אַ שווערד...

**
*

און ס'רופן אויך די שיינקייטן פון פרעמדער וועלט...
דער אומרו ברענגט אין לאָקנדן פּאַריז.
אַ שטאָט — בת שני אלפים. ווי צעשפּילט, צעהעלט.
עס וואַרפט נאָך סנאָפּעס ליכט דער אייפל־ריז.

דער מאָנפּאַרנאַס. דאָס קינסטלער־פאָלק עס ציט אַהער.
קאַפּייען רופן: ווייַן, געזאַנג און פרוי...
און מאָנמאַרטר וואַכט אין נעכט, דאָרט הינטער סאַקרע קער.
צעברויזטע געסלעך ביזן מאָרגן־גרוי.

ס'לאָקט אומעטום. דער „לוּווּר" צו די אוצרות רופט.
אַ טרוימען־וועלט אין לייוונטן, אין שטיין.
שעדעווערן פאַנגען דיך ווי דינער כישוף־דופט.
דאָ בלייבסטו לאַנג פאַר דער „דזשאָקאָנדע" שטיין.

און ראַפאַעל און רעמבראַנד... פול ווערט דיין געמיט
מיט זייער כישוף, וואָס עס רעדט פון ווענט.
טריומף פון שיינקייט. ס'לייוונט איז דאָס שענסטע ליד.
גלוסט, ווי אַ כהן, אויסשפּרייטן די הענט.

**
*

ווי אויף עקראַן אַזוי פיל וווּנדערלעכע שטעט:
באַרצעלאָנאַ, גענוא, נעאַפּאָל, רוים...
אַיעדע מיט איר צויבער, מיט איר שיינקייט רעדט.
די אַלפּן־שטעט ביים ים — נאָר ווי אַ מרוים.

אַיעדע שטאָט אויף פעלדזן ביי דעם ברעג פון ים —
נאָר מעשהלעך פון קינסטלער אויסגעטראַכט.
די קינסטלער טיף פאַרדביקהטע געווען מסתם
און אויסגעוועבט אין חלום אָט די פּראַכט.

**
*

זשענעוו די בערגיקע מיט שפּיגל פון לעמאַן —
דוכט נאָר פאַר גליקלעכע דער ווינקל איז.
אָט טוט אַ בלענד דאָס העלע פּרעכטיקע לאָזאַן,
ישובים טוליען זיך צו פעלדזנס פיס.

אין דעם זיכרון פריש די בילדער פון אַטען.
דער אַקראָפּאָלים קיניגט אין דער הויך.
רויִנען פון אַ שיינקייט, וואָס שוין לאַנג געווען.
אַוועק מיט דורות ווי אַ בלויער רויך...

**
*

אָ, וויפל שיינקייטן דו האָסט זיך אָנגעזען!
ווי פאַרביק־רייך עס איז די מאַמע־ערד.
נאָר ווײ, בן־אדם, אַלץ אַ חלום, וואָס געווען,
פון אַלץ נאָר דלד אמות דאָך באַשערט — — — —

אויף „דזשוליאַ צעסאַרי", יולי 1960

## אַ דערמאָנונג

די דאָזיקע דריי עלעגיעס ווערן דאָ געבראַכט ווי אַ לייב ניידוס־דאָקומענט — לזכר דעם יונג־פאַר־שטאָרבענעם גרויסן פּאָעט.

מיט דעם ערשטן ליד האָב איך פאַרענדיקט מיין הספד־וואָרט ביי ניידוסעס אָפענעם קבר; די אַנדערע צוויי לידער זיינען געשריבן געוואָרן צו די שלושים נאָכן באַזוכן ניידוסעס פרישן בערגל.

אַלע דריי עלעגיעס זיינען בשעתּם געדרוקט געוואָרן אין דער גראָדנער צוויי־שפּראַכיקער צייטונג „נאַשע אוטראָ — אונדזער מאָרגן" (25סטן דעצעמבער 1918; 23סטן יאַנואַר 1919).

I

ביים אָפענעם קבר

פאַרחתמעט שוין די ליפּן און פאַרשלאָסן,
די אויגן שוין אויף אייביק שטום פאַרמאַכט;
דאָס יונגע לעבן ווי אַ חלום שוין פאַרפלאָסן,
עס הייבט זיך אָן די לאַנגע קבר־נאַכט...

דיין מזרח־הימל איז אין קרעפּ פאַרצויגן,
ס'איז קאַלט און טריב דיין ליבלינג — דער אָריענט, —
ווי דיינע אויסגעלאָשענע, פאַרמאַכטע אויגן,
ווי דיינע בלאַסע, קאַלטע, טויטע הענט...

די אַלע וועלטן דיינע, טרוימען און חלומות
געשטאָרבן ווי אַ ווייטער קלאַנג פאַר דיר, —
ווי נאָר דער שוואַרצער גאַסט געבראַכט האָט דיר
געהיימעס,
ווי נאָר דער טויט געעפנט האָט דיין טיר...

געשטאָרבן דײַנע װעלטן, פֿינצטער דײַנע פֿאַרבן,
די בײמער זיפֿצן טרױעריק און שטום;
עס בלײכן אײנציקװײַז די שטערן און זײ שטאַרבן,
עס װעלקט אין צער און טרערן בלום נאָך בלום...

דו האָסט דײַן טרױם אין גאַנצן נישט דערשפּונען,
דײַן האַרפֿע װאָלט געשפּילט נאָך אָן אַ שיִעור; —
דו האָסט נאָך נישט אַנטפּלעקט אונדז אַלע זונען:
פֿאַרגאַנגען פֿאַרן אױפֿגאַנג גלײַך מיט דיר...

דײַן אָדלער־ליד איז נישט דערזונגען ביז צו ענדע,
געפּלאַצט די סטרונעס אין דער מיט, אָן סוף — —
אָ, כורעים פֿאַלט, אָ, קניט פֿאַר דער לעגענדע,
פֿאַר דעם, װאָס גײט אַװעק אין שװאַרצן קבר־שלאָף — —

II

אויף דײַן קבר

כ'בין אויף דײַן יונגן קבר הײַנט געװעזן,
עס האָט געצױגן מיך צו דיר, צו דיר.
ס'האָט נעבן דיר מײַן גאַנצעס, גאַנצעס װעזן
געזוכט „פֿון שטומער אײביקײט די טיר"...

די זעלבע טיר, פֿון װאָס דו האָסט געזונגען
אין פֿינצטער־שװאַרצן פֿאָרגעפֿיל אַמאָל —
װען ס'האָט פֿון ערגעץ טרױריק דיר פֿאַרקלונגען
אַ שטילער, פֿרעמדער און געהײמער קול.

דו האָסט פֿון טױט די קאַלטע שטים פֿאַרנומען —
װי זיכער װעגן דעם געװעזן איז דײַן שיר!
נאָך צו פֿיל אוצרות זון, אָ, צו פֿיל בלומען,
אָ, צו פֿיל פֿאַרבן איז געװען בײַ דיר!

אָ, צו פיל ליכטער, צו פיל שײַן און קלאַנגען
פאַרמעגט פאַר אונדזער גרויער װעלט האָסטו! —
און ס׳האָט דער נאָנטער טויט די ברויזנדע פאַרלאַנגען
פאַרלעשן ניט געקענט מיט קאַלטער רו.

און ליד נאָך ליד... װי קורץ דער טאָג דער גרויער,
און ברייט דאָס האַרץ, און גרויס און טיף די זעל.
און שטראַל נאָך שטראַל... — שנעל! ס׳רוקט זיך שוין
דער טרויער.
דער גײַסט נאָך יונג. עס איז נאָך אַזוי העל!...

און ליד נאָך ליד, און שטראַל נאָך שטראַל געשפּונען.
דו האָסט געאײַלט זיך אויף דער גרויער װעלט.
דו האָסט געװאָלט אונדז װײַזן אַלע זונען
נאָך איידער ס׳קומט די פּראָסטיק־שװאַרצע קעלט...
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳בין צו דײַן פרישן קבר הײַנט געגאַנגען,
מיך האָט אַהין אַ שטומער װיי געבראַכט.
אַ װײַסער שניי... אַ הימל איז געהאַנגען
אַ כמאַרנער, טרויעריק פאַרטראַכט.

דײַן קבר װײַס. מיט אומשולד־שניי פאַרצויגן
דאָס קליינע פרישע בערגל איז אַצינד.
איך שטיי פאַר דיר געזונקען און געבויגן;
עס װילט זיך װיינען, װיינען װי אַ קינד.

עס װילט זיך בײַ אַ מאַמען בעטן, מאָנען,
ס׳זאָל װידער קומען, װער עס איז אַװעק.
נאָר — װיי! מצבות קוקן און דערמאָנען:
עס קערט זיך קיינער אום פון ל ע צ ט ן װעג — —

דײַן קבר װײַס. מיט אומשולד־שנײי פֿאַרצװיגן.
אַלץ רויִק דאָ — װי א י צ ט ע ר דײַן באַגער.
איך שטײ פֿאַרזונקען. ס׳גליט װאָס אין די אויגן:
צי פֿילסטו איצט מײַן גרוס — מײַן הייסע טרער?...

III

דו ביסט נישטאָ...

װי גליקלעך ס׳איז צו טראַכטן: ביסט פֿ אַ ר אַ ן...
עס לעבט נאָך און עס שאַפֿט דײַן גײַסט,
װאָס װערט פֿון שײנקײטן געשפּײַזט. —
װי גליקלעך ס׳איז צו טראַכטן: ביסט פֿ אַ ר אַ ן...

װי גוט צו טראַכטן, אַז דו ביסט ג ע װ ע ן...
האָסט פֿאַר דער אײביקײט געלעבט
און זונען ליכט פֿאַר איר געװעבט. —
װי גוט צו טראַכטן, אַז דו ביסט ג ע װ ע ן...

װי שװער צו טראַכטן, אַז דו ביסט נ י ש ט אָ...
עס האָט פֿאַרשטומט אין קבר־נאַכט
דאָס ליד פֿון זון, דאָס ליד פֿון פּראַכט. —
װי שװער צו טראַכטן, אַז דו ביסט נ י ש ט אָ...

## אונטער פאַרמאַכטע אויגן

(פּאָעמע)

אונטער אויגן פאַרמאַכטע, אין חלום,
וואַכט אויף מיין פאַרלוירענע וועלט.
עס שטרעקן זיך הענט צו מיר: „שלום!".
די ערד איז צעגרינט און צעהעלט.

ס'איז פרילינג אויף ערד. איבער שטעגן
איך בלאָנקע פאַרשיכורט אַרום.
עס זינגען מיר פייגל אַנטקעגן,
עס גריסן מיך גרעזעלעך פרום.

עס קומען אַנטקעגן געשטאַלטן
מיט שמייכל, מיט ליבשאַפט, מיט פרייד.
לאַנג, לאַנג ווי געווען באַהאַלטן,
לאַנג, לאַנג נישט געהערט זייער רייד.

עס קומט מיר מיין מאַמע אַנטקעגן
מיט פנים פון שמחה צעשטראַלט.
איך קוש זי, איך נעם זי אויספרעגן,
ווען זי אויף די אָרעמס מיר פאַלט.

איך קאָן זיך מיר גאָרנישט דערמאָנען
ווען איז זי פאַרשוווּנדן, אַוועק...
און אָט הייב איך אויך אָן דערקאָנען
מיין טאַטן, וואָס קומט מיטן וועג.

פון הינטער אים גייט אויך מיין שוועסטער,
זיי קומען אַלץ נענטער צו מיר.
ווי פייגל אַרויס פון די נעסטער —
און ווידער משפחה פון פיר.

פון וואַנען? איך הייב נישט אָן וויסן
ווו אַלע געווען ביז אַצינד... —
ווי ס'וואָלט אונדז אַ שטורעם צעריסן,
ווי ס'וואָלט אונדז צעבלאָזן אַ ווינט.

מיר גייען אין חדווה צוזאַמען,
מיר האַלטן זיך פעסט ביי די הענט.
מיט שוועסטער, מיט טאַטן, מיט מאַמען
איך קום צו די היימישע ווענט.

דאָס שטיבל פון קאַרגע פיר איילן,
ביים פענצטער די ווערבע נאָך שטייט.
אין נעכט פלעגט זי רוישן, דערציילן,
ווען ס'האָט זיך אַ ווינטל צעוויים.

מיר זיינען איצט ווידער צוזאַמען
אין אָרעמע גרויע פיר ווענט.
מיט שוועסטער, מיט טאַטן, מיט מאַמען
מיר האַלטן זיך פעסט ביי די הענט.

— „האַלט'ס פעסטער! האַלט'ס שטאַרקער! מיר טאָרן
שוין קיין מאָל צעשיידן זיך מער.
מיר בלייבן צוזאַמען אויף יאָרן,
צעשיידונג און עלנט — ווי שווער" — — —

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אין שמחה ביז טרערן פאַרליר איך
זיי אַלע גאָר פלוצלינג פון בליק.
אַ האַנט אַ געהיימע, דערשפיר איך,
מיך פירט איבער ראָזו, דורכן בריק.

איך שטיי פֿאַר אַ הויז פֿאַר אַ גרויסן —
ס'איז „סענדערס בית־מדרש" פֿאַר מיר.
כ'הער תּפֿילות פֿון מאַנסביל, פֿון פֿרויען —
און כ'גיי אויך אין אָפֿענער טיר.

די מאַנסביל אין קיטלען פֿאַרוויקלט,
אין זאָקן זיי שטייען אויף שטרוי.
דער חזן צעגיסט זיך, צעציקלט,
מען דאַוונט מיט זיפֿץ און מיט „אוי".

יום־כּיפּור. דער טאָג פֿון פֿאַרגעבן.
און ס'איז אויך דער טאָג פֿון גזר־דין.
מי יחיה... — אוי, ווער איז צום לעבן,
מי ימות... — אוי, ווער ווערט „אַהין"...

„אַהין" — צו דעם „בערגל", בית־עולם,
וווּ ס'וואַקסן די קבֿרים אין ריי.
עס קלאַפּט אין שער־רחמים דער עולם
מיט תּפֿילות, מיט בכיות און ווײ.

און ס'שטייט אויך מיין טאַטע אין טלית
און דאַוונט פֿון מחזור און בעט.
ער וויינט אויפֿן ביטערן דלות
און קלאַפּט זיך אין האַרצן: „על חטא".

איך זע דאָ, כ'דערקען אַלע ייִדן.
ישׂראל בעל־תּפֿילה — זיין קול.
די קרעמערס, די שנײַדערס, די שמידן,
די ייִדן פֿון דראַטווע און אָל.

און כ'זע דאָ אויך שמואל דעם לערער,
דעם בעקער דעם נײַעם פֿון מאַרק,
דעם רופֿא, דעם קאָטלער, דעם שערער,
דעם קצבֿ מיט רויטלעכן קאַרק.

דעם גביר און בן־תורה ר׳ לייזער —
זײַן שטוב מיטן גאַניק צום גאַס; —
און אַלטער אליהוס, אַ בייזער,
וואָס תמיד גייט אום מיט אַ כעס.

די שניט־קרעמערס מאַטעס און מאיר,
די הענדלער פון תבואה אין שטאָט;
די ייִדן אביונים, די גייער,
וואָס זיינען באַוואָלהט פון גאָט.

ביי מזרח־וואַנט סענדער דעם קליינעם,
זיין איידעם לעם אים אויבנאָן;
מיט זיי אויך ר׳ לייבע אין איינעם —
איצט אַלע אין מחזור פאַרטאָן.

רפאל דער שמש אויף בימה,
אין שולחן ער פּאַטשט מיט דער האַנט:
מ׳דאַרף הערן פון ש״ץ איצט די שטימע,
ס׳איז אָפן דער ארון ביים וואַנט.

הײַנט שטייען דאָ אַלע געבויגן,
געבראָכן און נכנע און קליין;
און טרערן עס קאַפּען פון אויגן,
פון נשים דערטראָגט זיך געוויין.

די נשים אויף יענער זײַט קלאָגן —
ס׳איז אָפּגעצאַמט ווײַבערשע שול.
די זאָגערינס טוען פירזאָגן,
די לופט מיט יללה ווערט פול.

איך זוך מיט די בליקן מײַן רבין —
דעם פרוש מיט בלאַסן געזיכט.
ווו איז ער? כ׳וויל שלום אים געבן.
צי איז עס נישט דער בײַ די ליכט?

מיט אים אויף „משמודים" געזעסן.
די ווינטער־נעכט לאַנגע געווען.
— „אוי, אמר אביי"... — מעת־לעתן
מען האָט אים ביַי גמרא געזען.

נאָר כ'קאָן איצט דאָ גאָרנישט געפינען —
מסתם אינעם טלית פאַרהילט.

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

און פּלוצלינג — פאַרנעפּלט מיַין זינען,
איך האָב מיך אין פעלד גאָר דערפילט.

אַ היַיטערער יוגנט־געזעמל.
די פּנימער אַלע מיר נאָנט.
מען רופט מיך דאָ היימיש: „אַברהמל" —
פון קינדהייַיז דאָך אַלע באַקאָנט.

בחורים און מיידלעך צעשטראַלטע.
אַ „סכאָדקע" האַרט הינטערן וואַלד.
מ'וויל בייַטן דאָס וועלטל דאָס אַלטע,
וואָס שימלט פון זיקנה, צעפאַלט.

מען וויל נישט די וועלט פון די טאַטעס —
זי איז עובר־בטל און שלעכט.
מ'וויל ברעכן די תפיסות, די קראַטעס,
און אויפריכטן „פּ ר ײַ ה יי ט" און „ר ע כ ט"...

כ'זע ערשטע חברים. זיי שמעיחן,
פאַרמישט אין געפלאַטער פון רייד.
מיט ניגון פון „אָמר אַביי"'ען
„פּראָבלעמען" פאַרטיַיטשן זיי ברייט.

און כ'זע דאָ די ליבעם אויך מײַנע —
די ע ר ש ט ע, — זיי אַלע אין מיט.
ווי פרילינגדיק־יונג אַלע זײַנען,
נאָך אַלע, נאָך אַלע צעבליט.

איך פרוּוו צו אַיעדער גענענען.
איך פרעג שטיל: „ווו ביסטו געווען?"
אין אויגן די יונגשאַפט טוט ברענען —
ווי נעכטן, זיך נעכטן געזען.

די מיידלעך, ווי בחורים אַלע,
געפעלט נישט די ש ק ל אַ פ י ש ע ו ו ע ל ט.
ס'וויל קיינע נישט ווערן קיין כלה,
אַזוי ווי דער מאַמען געפעלט.

ס'איז העכערס פאַר זיי גאָר באַשאַפן,
עס איז זייער ציל נאָר אַצינד:
באַפרײַען פון קנעכטשאַפט די שקלאַפן
און עפענען אויגן, וואָס בלינד.

און ס'פליסן באַפליגלטע ווערטער
ווי נ ײַ ע, ווי ע ר ש ט זיי געהערט.
ווי צײַט וואָלט געשטאַנען. די ערטער
ווי אַלע פאַרגליווערט אויף ערד — — —

איך הער און איך קאָן זיך נישט געבן
קיין חשבון פון צײַט און פון אָרט.
ווי בראשית אַצינד פון מײַן לעבן,
ווי בראשית אַצינד פונעם וואָרט.

און כ'ווער אויך פון ווערטער צעצונדן;
פון גלויבן אין אַליק, וואָס איך הער.
מײַן צונג ווערט דאָ אויך באַלד צעבונדן — —
נאָר פלוצלינג — — — כ'זע קיינעם נישט מער.

עס טראָגט מיך ווי ווינט דורכן עטער,
אַזוי ווי דורך וואָלקנס איך פלי.
פאַרמישט איז דער „פריִער" מיט „שפעטער",
ווען ס'גיט מיך דער פעגאַז אַ צי.

פאַרשווינדט אַלץ גאַלאָפ פון די אויגן,
עס טראָגט מיך דורך נעפל, דורך שיַין.
ס'איז אַלץ אין אַן ערגעץ פאַרפלויגן,
און כ'פלי אין אַן ערגעץ אַריַין...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

דערזע איך זיך פלוצלינג אין סביבה
פון גאָלע משופרינעטע ליַיט.
גילוחים און בערד אויך שוין סיווע.
דוכט, לאַנג נישט געזען זיי, אַ ציַיט.

איך זע זיי דאָ אַלע צוזאַמען.
ס'רעדט פ ר ק. מיט בליצן ער שיט.
די אויגן צוויי טונקעלע פלאַמען.
ווי אָדלער אין הויכקייטן פליט...

און ר יי ז ע ן און נ אָ מ ב ע ר ג... זיי הערן
פאַרטיפטע, אין פאָדערשטער ריי.
און אַ ש... און נאָך אַנדערע „שטערן".
צעגלאַנצטע די בליקן ביַי זיי.

און צ יי ט ל י ן ר' ה ל ל פאַראַנען,
און ס'איז ב ע ל־מ ח ש ב ו ת אין מיט. —
אַ שפיל פון אידייען... פון דאַנען
אַ רוף גייט צו מ ע נ ט ש און צו י י ד.

עס מוז די וועלט אויסגעלייזט ווערן
פון ליידן, פון טרויער, פון זינד.
אַ תיקון מוז קומען פאַר טרערן
פון אָרעמער מאַמען און קינד — — —

און הערצער פון יונגע צעצונדן,
אין בליקן צעגליט זיך אַ פלאַם...

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

און פלוצלינג — נישטאָ! אַלץ פאַרשוווּנדן,
אַזוי ווי פאַרגאָסן פון ים.

עס טראָגט זיך אַ שטורעם. עס קנאַלן
האַרמאַטן. צעטרייסלט די ערד.
און מענטשן, וויביימער, עס פאַלן.
ס׳ווערט חרוב אַ וועלט און צעשטערט.

געווירבל. געליאַרעם. געשרייען.
און שריפות צעוויקלען זיך ברייט.
עס ראַנגלען זיך זעלנער אין רייען
און ווערן פון שטורעם צעשפּרייט.

כ׳זע פעלדער מיט טויטע צעשאָטן,
שינעלן, שינעלן צעזייט.
עס שפּרייַזט צווישן טויט אום דער שטן.
בלוט־רויט איז די זון, וואָס פאַרגייט.

— „כאַ־כאַ־כאַ! — פאַרקלינגט אַ געלעכטער, —
„געראָטן עס איז מיר דער שניט.
„עס בלייַבט אויף דער ערד אַ גערעכטער
„דער רשע, וועמ רשעות צעבליט" — — —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

אַ כרך ווי פֿון שלאָף טוט דערוואַכן.
ס'איז מאַסע אַרויס אויף דער גאַס.
„וואָס אַלט און פֿאַרשימלט — מוז קראַכן!" —
עס רופֿן טריבונען מיט האַס.

אין אויגן צעצינדן זיך פֿלאַמען,
אַיעדער וויל אויסלייזן וועלט.
ביחוד און אַלע צוזאַמען,
ס'האָט קיינער צום גאַנג נישט געפֿעלט.

אַ גאַנג איבער גאַסן, געמאַרקן,
אַן אַקסל־צו־אַקסל־געפֿלעכט.
דער שוואַכער אַרויס קעגן שטאַרקן,
מלחמה פֿון ג ו ט קעגן ש ל ע כ ט — — —

אויך באָנטשע שווייַג גייט אין די רייען,
ער טראָגט איצט אַ פֿאָן אין דער האַנט.
און מחנות אַלץ וואַקסן און גייען
אַנטקעגן דער אייַזערנער וואַנט.

ס'איז יום־טוב. אַ פֿרייד אויף די גאַסן.
און אַלע אין הייליקן גאַנג.
פֿון טויזנטער מייַלער, פֿון מאַסן
עס טראָגט זיך אין לופֿטן געזאַנג.

קלינגט: ...„אַ שבֿועה פֿון בלוט און פֿון טרערן"...
...„עוד לא אבֿדה"... — רייַסט דורך זיך אין מיט.
„אַן עדות די ליכטיקע שטערן"... —
עס קרייצט זיך אַ ליד אין אַ ליד.

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
כ'זע ווירוואַר. צעטומלטע גאַסן.
המונים. בהלה. געדראַנג.
עס רויטלט זיך פאָן איבער מאַסן.
געשרייען געמישט מיט געזאַנג.

און בלוט אויפן ברוק, אויף די שטיינער...
ווער ברודער? און ווער איז דער פײַנט?
פאַר וואָס זשע דער  ט ו י ט ? — דאָס ווייס קיינער.
אַ גואל אין בלוט גאָר דערשײַנט ? ! — — —

און ס'קײַקלען זיך אין כף־הקלע
המונים. די פאָן איז פאַרשוועכט.
אין מבול פון בלוט זינקען אַלע
מיט לאָזונגען „פרײַהייט" און „רעכט" — — —

— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
און ס'ברענגט מיך דער פעגאַז אָט ווידער
אין היימישן, גרינענדן טאָל.
די שטעגן מיר נאָנט דאָ ווי ברידער, —
און ווידער בין איך אין  אַ מ אָ ל ...

כ'זע ווידער מײַן מאַמען. ווי הײַטער
איר שמייכל. קיין קנייטש אויף געזיכט.
איך רוף זי — און זי גייט אַלץ ווײַטער,
באַגאָסן אין הייליקן ליכט.

כ'שפרייט אוים מײַנע הענט ווי די פליגל —
איך זוך זי; צום שטעטל כ'גענען.
און אָט איז דער קלויסטער אויף היגל.
דעם ריזיקן שטיין איך דערקען.

דאָ „אונטערן גלח" צעזינגען
עס פֿלעגט זיך די יוגנט: עק שטאָט.
און „גליך־גלאָן" דער קלויסטער פֿלעגט קלינגען
מיט תּפֿילה צום הילצערנעם גאָט.

איך גיי איבער געסלעך באַקאַנטע
און בלײַב בײַ אַ פֿענצטער ווו שטיין:
די ווענט מיר דאָ היימיש און נאָנטע,
פֿלעג תּמיד דאָ קומען צוגיין.

אַ שטילקייט אַרום איז. אין פֿלאַמען
די זון לאָזט אַראָפּ זיך, פֿאַרזינקט.
אויף הימל אַ בלויקייט פֿון ימען.
אַ פֿייגלכאָר נאָנט זיך צעזינגט.

ס'איז פֿרילינג. אַ מײַ־נאַכט. עס לאָקן
לבֿנה און שטערן אין פֿעלד.
מײַן מיידל מיט פּעך־שוואַרצע לאָקן
צו מיר קומט אַרויס פֿון געצעלט.

ווו ביסטו, מײַן מיידל, געוועזן?
איך האָב דיך שוין לאַנג נישט געזען.
איך לאָז דיך נישט אָפּ מער, מײַן וועזן,
וואָס ס'זאָל שוין נישט האָבן געשען.

מיר בלאָנקען אַוועק איבער שטעגן
אין בלויער, אין נאַכטיקער ווײַט.
אַ שטילקייט אויף זאַמדיקע וועגן,
וואָס ציִען זיך העט בײַ דער זײַט.

און שטום דער „מאָהילניק" דער קליינער,
אויף צלמים דער טונקל צעשפּרייט.
דאָ וועט אונדז נישט שטערן דאָך קיינער
די רגעס פֿון שיכּרות, פֿון פֿרייד.

עס האָט נישט פון קברים די טריבשאַפט
קיין שליטה אויף אונדז אין דער נאַכט.
ס'איז מעכטיקער, שטאַרקער די ליבשאַפט;
דער כישוף, ווען מיידל צעלאַכט — — —

מײַן מיידל, דו מוזסט מיר איצט שווערן,
אַז קיין מאָל פאַרלאָזסטו מיך מער.
דו שווער מיר בײַ נאַכטיקע שטערן,
בײַם הימל בײַם בלויען מיר שווער.

מײַן מיידל, קוש שטאַרקער! מיר טאָרן
שוין קיין מאָל צעשיידן זיך מער.
מיר בלײַבן אין יונגשאַפט אויף יאָרן,
צעשיידונג און עלנט — ווי שווער — — —

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

***

צעפליקט ווערט מײַן טרוים דורך פרימאָרגן,
די אויגן פון טאָג־רויש דערוואַכט.
די ברוטאַלע רגעס דערוואָרגן,
וואָס ס'האָט מיר געשפּונען די נאַכט.

כ'זע ווידער די וואָר. כ'זע נאָר גריבער,
נאָר קברים, נאָר אַש און נאָר שטויב.
פאַרשוווּנדן די היימישע שטיבער,
אין פלאַמען אַוועק און אין רויב.

מאַידאַנעק האָט אַלץ דאָך פאַרשלונגען,
פאַרווייעט דאָס אַש פון געביין.
מיט „יזכור" די ווינטן צעזונגען,
מיט אָבלשן צער פון פאַרגיין — — —

גלוסט תמיד אַנטלויפן אין חלום:
ס'קומט אָפּט די פאַרלוירענע וועלט.
עס שטרעקן זיך הענט צו מיר: „שלום!"
די ערד איז צעגרינט און צעהעלט...

ב"-איירעס, נאָוועמבער 1960

# פּאָסטלוד

געזונגען, געזונגען און נישט דערזונגען,
נאָך אַלץ נישט פון ליד דער סוף.
עס איז נאָר אַ מעשהלע וואָס פאַרקלונגען,
אַזוי ווי אַ טרוים אין שלאָף.

ס׳איז אייביק בראשית אין דער יצירה,
ס׳קומט יעדער טאָג מיט זײַן נס.
כ׳וואַך אויף אין קאַיאַר צו נײַער שירה,
אין יונגן בלויען מעת־לעת.

אַז תמיד שטראַלט אויף אַ נײַער באַגינען
נאָך איטלעכן זון־פאַרגאַנג.
ווי קאָן איך מײַן טרוים ביז סוף דערשפינען
און ענדיקן מײַן געזאַנג? — — —

## ביכער פון אברהם זאַק:

אַקאָרדן (לידער); גראָדנע, 1918.

״ (צווייטע אויפלאַגע); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1921.

רגעס פון טרוים (טאַנקעס); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1919.

צווישן פיר ווענט (לידער); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1920.

אונטער די פליגל פון טויט (צוויי אויפלאַגעס); פאַרלאַג ״די צייט״, וואַרשע, 3־1921.

״ ״ ״ ״ ״ (דריטע אויפלאַגע); בנימין הארץ־פאַרלאַג, בערלין־ווין, 1929.

״ ״ ״ ״ ״ (רוסישע איבערזעצונג); ״גאָסאיזדאַט״, מאָסקווע, 1930.

אין שאָטן (נאָוועלן); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1922.

די חורבה און דער פּאַלאַץ (קינדער־מעשהלע); פאַרלאַג ״אַלט־יונג״, וואַרשע.

אַ זומער־חלום (נאָוועלן); פאַרלאַג א. י. שאַפּירא, וואַרשע, 1923.

אונטער היימישע הימלען (פּיעסע אין 3 אַקטן); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

שטאָט־קאָשמאַרן (לידער); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

פּאַניע גנב (אַ כראָניק); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1929.

די פרוי פון שטאָט (נאָוועלן); קאָאָפּ׳ ״ביכער״, וואַרשע, 1931.

מיט אַש אויפן קאָפּ (לידער); פאַרלאַג ״דאָס נייע לעבן״, לאָדזש, 1947.

יאָרן אין וואַנדער (לידער און פּאָעמעס); פאַרלאַג ״דאָס פּוילישע יידנטום״, בוענאָס־איירעס, 1949.

צווישן שאָטנס (דערציילונגען); פון דער סעריע ״ביכער פון יידישן פּען־קלוב״, פּאַריז, 1950.

אין אומרו פון יאָרן („וואַרשע 1939" א"אגד); פאַרלאַג „יידבוך", בוענאָס־איירעס, 1954.

(פרעמירט מיט דער סטאָלאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג", ב"א, 1955).

פון אַלע נע־ונדן (לידער); הויפּטפאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, ב"א, 1955.

קנעכט זענען מיר געווען (צוויי בענד); פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום", בוענאָס־איירעס, 1956.

(פרעמירט מיט דער סוראָוויטש־פּרעמיע פון קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק 1957).

אויף שליאַכן פון הפקר (צוויי בענד); פאַרלאַג „יידבוך", ב"א, 1958.

(פרעמירט מיט דער לואיס לאַמעד־פּרעמיע אין ניו־יאָרק, 1959).

אויף פרעמדער ערד (לידער און פּאָעמעס); הויפּטפאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1962.

## איבערזעצונגען:

פּאַר שטוב און עסטראַדע; פאַרלאַג ב. שאַפּירא, וואַרשע, 1938.

מצירי (פּאָעמע פון מ. יו. לערמאָנטאָוו); „נייער פאַרלאַג", וואַרשע, 1921.

מאָצאַרט און סאַליערי (דראַמאַטישע פּאָעמע פון א. ס. פּושקין); „צוקונפט", ניו־יאָרק, יולי 1937.

דער פּאָטער (פּיעסע פון א. סטרינדבערג); פאַרלאַג „די צייט", וואַרשע.

די חתנים (קאָמעדיע פון נ. וו. גאָגאָל); פאַרלאַג „די צייט", וואַרשע.

דאָס רעכט אויף ליבע (פּיעסע פון מאַקס נאָרדוי); פאַרלאַג „אונדזער בוך", וואַרשע.

רודין (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו); פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ, וואַרשע.

די ערשטע ליבע און קלאַראַ מיליטש (ראָמאַנען פון א. ס. טורגעניעוו); פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1925.

אין פאַרלאַג „דאָס פוילישע ייִדנטום" דערשײַנט דאָס יאָר:

**אַ ב ר ה ם  ז אַ ק**

# אין אָנהייב פון אַ פרילינג

(אויטאָביאָגראַפישע דערציילונג)

ABRAHAM ZAK

# EN TIERRA AJENA

(VERSOS Y POEMAS)



BUENOS AIRES
1962